אברהם קאָטיק

# די נאציאנאלע מינדערהייטן
# און יידן אין פוילן




ווארשע 1922

203

# א י נ ה א ל ט;

# הקדמה.

די געדאנקען, וועלכע זיינען ארויסגעזאָגט געוואָרן אין פאָרליגנדיקן ביכל, זיינען קלאָר פאר מיר געווען נאָך פאר דער מלחמה, נאָר דאמאָלסט איז די לאגע געווען א אנדערע ווי איצט.

דאמאָלס האָבן מיר געהערט צו די מינדערהייטס-פעלקער אין רוסלאנד צוזאמען מיט די פּאָליאקן. די רוסן זיינען געווען דאָס הערשנדיקע פאָלק. די הערשנדיקע רוסישע מאכט האָט אונטער-דריקט אין נאציאָנאלן זינען אלע איבעריקע פעלקער, וואָס האָבן געוואוינט אין רוסלאנד. קעגן אָט דער פּאָליטיק פון דער רוסי-שער מאכט האָבן געדארפט זיך פאראייניקן אלע מינדערהייטס-פעלקער.

און דאָס איז טאקע געשען אין דער צייט פון דער ער-שטער רוסישער רעוואָלוציע. אין 1905 יאָר איז פאָרגעקומען אין פינלאנד א צוזאמענפאָר פון פאָרשטייערס פון פארשיידענע פעלקער, וואָס האָבן געוואוינט אין דער דאמאָלסטיקער רוסלאנד, און עס איז אויסגעקליבן געווארן א ביוראָ, א מין אויספירונגס-קאָמיטעט. צו דעם קאָמיטעט האָבן געקענט געהערן אלע פעלקער פון רוסלאנד, אויסער די גרויס-רוסן, מיט דער איבערמאכט פון וועלכע מ'האָט אייגנטלאך געדארפט קעמפן.

אויף איינער פון די זיצונגען פון קאָמיטעט, וועלכער האָט זיך געפונען אין פּעטערבורג, האָב איך געהאט די געלעגנהייט צו זיין. דער קאָמיטעט איז באשטאנען פון פאָרשטייערס פון 11

פעלקער. אויף דער זיצונג, אויף וועלכער איך בין געווען, האָבן אידן געפעלט. זיי האָבן, א פנים, ארויסגעוויזן א קנאפן אינטע־רעס צו דער טעטיקייט פון דעם קאָמיטעט; דערפאר שטארק טעטיק אין אים זיינען געווען די פּאָליאקן. דער פאָרזיצער פון קאָמיטעט איז געווען דער פּאָליאק ווענצקאָווסקי, דער געוועזענער „פּראָלעטאריאטשיק״ און נאָכדעם פעדעק (פוילישע פּראָגרעסיווע דעמאָקראטישע פארטיי).

איך, אלס גאסט, האָב געמאכט א אָנפראגע, פארוואָס זע איך ניט דאָ פאר זיך קיין אידן. דער פּאָרזיצער ווענצקאָווסקי האָט מיר געגעבן א דעקלערונג; אויף וויפל איך געדיינק, האָבן אידן זיך ניט באטייליקט אין דער קאָנפערענץ, וועלכע איז פאָר־געקומען אין פינלאנד; ניט קוקנדיק אויף דעם, האָט דער קאָמי־טעט באלד אויף דער ערשטער זיצונג באשלאָסן איינלאדן צוויי אידן (פון פּאָליאקן זיינען געווען 3 פאָרשטייערס). עס זיינען איינגעלאדן געוואָרן דער רעדאקטאָר פון „פריינד״ שמואל גינזבורג און דער בונדאָוועץ אבראמאָוויטש. זיי פלעגן די זיצונגען ניט באזוכן.

איך געדיינק מיט וואָס פאר א באדויערונג ס'האָט גערעדט ווענצקאָווסקי וועגן דעם, וואָס אידן קומען ניט צו די זיצונגען. לויט זיין מיינונג, האָבן אידן געדארפט זיין די הייסטע אָנ־הייגער פון א געמיינזאמער קאמפּס־אקציע.

אויף דער זעלבער זיצונג, וועלכע איך האָב בייגעווען, האָט זיך אויפגעהויבן די פראגע וועגן דער פאָרם פון אווטאָ־נאָמיע, וועלכן ס'דארפן פאָדערן די מינדערהייטס־פעלקער אין דער רוסישער מלוכה, וואָס האלט זיך ביים רעאָרגאניזירן אויף נייע

יסודות: ס'איז דאמאָלסט געווען ערב דער אָקטאָבער־רעוואָליוציע.

פון די, דיסקוסיעס האָט זיך ארויסגעוויזן, אז אין דער פערסאָנאַל־נאציאָנאלער אווטאָנאָמיע זיינען געווען פאראינטערעסירט נאָר 2 פעלקער: די אידן און די אַרמענער. די דייטשן, וועלכע זיינען צוזייט איבער גאנץ רוסלאנד, זיינען געווען פארעכנט פאר א הערשנדיקן פאָלק, ווייל זיי האָבן אין רוסלאנד געהאט ניט ווייניקער רעכט, ווי די גרויס־רוסן אליין: די העכערע אמטן אין רוסלאנד זיינען געווען אָפט באזעצט דורך דייטשן.

איצט לעבן מיר אין א ביסל א אנדער תקופה. די פאָליאקן זיינען געוואָרן א הערשנדיקער פאָלק. ס'איז געשאפן געוואָרן א פוילישע מלוכה, און אין איר זיינען געבליבן א טייל פון די מינדערהייטס־פעלקער, מיט וועלכע די פאָליאקן האָבן צוזאמען געוואָלט קעמפן האנט ביי האנט אין די צייטן פון דער ערשטער רוסישער רעוואָליוציע. פון יענע 11 פעלקער זיינען, חוץ פאָליאקן, פארבליבן אין פוילן 4 מינדערהייטס פעלקער. דאָס זיינען: ליטווינער, ווייס־רוסן, אוקראינער און מיר, אידן. עס קומען נאָך צו דייטשן, וועלכע געהערן ניט אין פוילן, ווי אין רוסלאנד, צו דעם הערשנדיקן פאָלק. פון דעם אלעמען דרינגען ארויס באשטימטע קאָנסעקווענצן, וואָס ווערן באהאנדלט אין ביכל.

די ערשטע דריי קאפיטלען פון ביכל זיינען געווען געדרוקט סוף זומער פון פאָריגן יאָר אין „דאָס נייע לעבן", וואָס גייט ארויס אין ביאליסטאָק. די לעצטע דריי קאפיטלאך באווייזן זיך איצט צום ערשטן מאָל אין דרוק.

ביאליסטאָק, דעם 14-טן מארט 1922 יאָר

I.

# היסטארישע פוילן.

פאר דער מלחמה האָט אונזער צוקונפט אנדערש אויסגעזען ווי איצט, זי האָט זיך געמאָלט אין אנדערע פארבן.

מיר זיינען געוועזן בירגער פון א גוואלדיק-גרויסער מלוכה, די גרויסע מלוכה איז באשטאנען פון א סך פארשיידנארטיקע קאנטן מיט א באפעלקערונג פון העכער 150 מיליאָן.

די קאנטן פון סיביר, קאווקאז, צענטראל רוסלאנד און אנד. האָבן געקענט דינען אלס מערק פאר דער שטאָטישער אינדוסטריע, אין וועלכער מיר נעמען א אנטייל, ווי פראָדוצענטן אָדער ווי סוחרים.

זיינען אנזערע אויגן געווען געריכטעט אויף צפון און אויף מזרח — דאָרט וואו ס'זיינען איז געווען די צענטערן פון רוסישן פאָלק.

אונזערע האָפענונגען אויף להבא, אונזערע גאנצע חשבונות אפוין צוקונפט זיינען געווען פארבונדן מיט דער ווייטערדיקער אנטוויקלונג פון רוסישן פאָלק און פון דער רוסישער מלוכה.

וועט פאלן די צארישע רעגירונג — און זי מוז סוף כל סוף פאלן — וועלן מיט איר אויך פאלן די „איינגע" גרענעצן

פון תחום און מיר וועלן ווערן גלייכבארעכטיקטע בירגער פון דער פרייער רוסישער מלוכה.

מיר האָבן גאָרניט געגומען אין אכט, אז דער תחום איז אויך א גרויסע לאנד, גרעסער ווי אנדערע אייראָפּייאישע מלוכות, ווי׳ למשל פראנקרייך, אָדער דייטשלאנד; אז אין תחום וואוינען, אנדערע פעלקער, מיט וועלכע מיר זיינען היסטאָריש און עקאָנאָמיש איינג פארבונדן, אז די עקאָנאָמישע און סאָציאלע אנטוויקלונג פון אָט די אונזערע שכנים האָבן א סך א גרעסערע באדייטונג אין אונזער לעבן ווי די רעפּרעסיווע אָדער מילדע פּאָליטיק פון דער רוסישער רעגירונג.

דאָס איז געווען א אייגנארטיקע צענטראליסטישע שטרע־בונג, מיט וועלכער עס זיינען געווען באהערשט אלע שיכטן פון אידישן פאָלק, דאָס איז געווען אן אָריענטאציע, אויפן הערשנ־דיקן פאָלק.

איז געקומען די מלחמה, דער תחום איז אָפּגעריסן געוואָרן פון רוסלאנד און מיר זיינען געבליבן נאטירליך אין די זעלבע תחום־גרענעצן, פון איין זייט א ביסל פארקלענערטע און פון דער אנדערער זייט שטארק פארגרעסערטע.

די גרענעצן פון דעם נייעם תחום זיינען געוואָרן די גרע־נעצן פון דער פוילישער מלוכה.

דער תחום איז אונזער נאטירלאכער אלטער ישוב, אן אלטע אידישע היים מיט וועלכע מיר זיינען פארבונדן א סך הונדערטער יאָרן, אין וועלכער מיר געפינען דיינקמאָלן וואָס קענען דינען אלס סימן פון א העכער טויזנט יאָריגן לעבן דאָ־הי.

נאָר די אלטע היים אונזערע זעט איצט אויס ווי א שטיף־מוטער פון ערשטן בליק זיינען אונזערע פּאָליטישע פּערספּעקטיוון אין פּוילן זייער טרויעריק.

די דעקלאראציע פון מענטשלאכע רעכט איז נאָך פאר אונז דערוויילן ניט געזאָגט געוואָרן. פארשטייט זיך, אז מענטשן, וואָס האָבן ניט קיין פּאקטישע בירגערלאכע רעכט קענען ניט, ווי געהעריק, אנטוויקלען זייער ווירטשאפטלאכע טעטיקייט.

ס'האנדלט זיך ניט בלויז וועגן דער באציהונג פון דער רעגירונג: א סך א גרעסערע באדייטונג האָט דער פארביסענער אנטיסעמיטיזם פון דער געזעלשאפט.

אמת, דער איד גיט זיך אן עצה: ער טוט דאָסזעלבע, וואָס ער האָט געטאָן ביי דער צארישער רעגירונג, ווען א איד האָט ניט געטאָרט האלטן קיין שיינק אויף זיין נאָמען. דארף דער איד אין פּוילן אָפט האָבן געבן זיך א פּאָליאק, וועלכער זאָל זיין דער פאָרמעלער אויסדריקער פון דער פאקטישער טעטיגקייט פון אידן. פארשטייט זיך, אז דאָס איז א קנאפּער לעבן, און דערויף בויען א צוקונפט איז זייער שווער.

פון דער געזעלשאפט־פיינדלאכער אטמאָספערע קומט אויס צו ליידן ניט נאָר דעם אידישן מיטלשטאנד, נאָר אויך דעם אי־דישן ארבעטער. מיר האבן פאר זיך זייער א טרויעריקע דער־שיינונג: דער פּוילישער ארבערטער באציט זיך פיינדלאך צום אידישן. א טייל פּוילישע ארבעטער טרעטן ארויס עפנטלאך פיינדלאך קעגן דעם אידישן ארבעטער, ווי למשל, די ארבעטער־אָרגאניזאציע „פּראצא“ אין ביאליסטאָק, און שטויסן אים ארויס

פון זיינע פאכן; א צווייטער טייל, אויב ער טוט עס ניט אָפּי־
ציעל, טוט ער עס פאקטיש.

אין דער צייט פון די אזוי געהויפענע עקסצעסן קעגן אידן
פארן ריגער שלום איז געווען די לאגע נאָך ערגער. דער איד
איז ניט געווען זיכער אין זיין פערזענלאכער אומבארירבארקייט
ניט אין וועג, ניט אין גאס און ניט, אפילו, אין שטוב. אין פא־
נישן שרעק האָט דער איד אינסטינקטיוו באשלאָסן, אז ער מוז
לויפן, און די לויף־שטימונג איז געוואָרן א הערשנדיקע.

אויף דער לאגע, אין וועלכער ס׳האָבן זיך געפונען די אידן
אין דער ניי אויפגעשטאנענער פוילישער מלוכה, האָבן דער רוב
אידן געגעבן איין ענטפער: אנטלויפן, עמיגרירן אהין, ווא מ׳קען
ביי נאָרמאלע באדינגונגען ארבעטן און פארדינען דעם שטיקל
ברויט — עמיגרירן אין לאנד פון דאָלארן.

דער אמעריקאנער איד שטיצט אויך איצט דעם קרוב, וואָס
איז פארבליבן אין פוילן: א סך פון אונז זיינען געראטעוועט גע־
וואָרן פשוט פון הונגער א דאנק די אמעריקאנער קרובים. נאָר
א לעכערדיגן זאק קען מען ניט אָנשטאָפּן, מ׳קען ניט אייביק
געבן שטיצע, און מ׳קען ניט אייביק נעמען שטיצע. איז פאר דעם
אמעריקאנער אידן גלייכער אריבערצונעמען זיין קרוב אין אמע־
ריקע, וואו יענער וועט קענען „מאכן א לעבן" מיט זיין ארבעט.

עמיגראציע אָבער קען זיין א ענטפער נאָר פארן יחיד.
איז א מענטשן שלעכט, פילט ער זיך ניט גוט אויף איין אָרט,
פאָרט ער אריבער אין א צווייטער לאנד: משנה מקום משנה מזל.

א כלל, א קיבוץ קען אזא ענטפער ניט געבן. איבערפעק־

ען זיך מיטן האָב און גוטס, איבערגעריסן מיט דער אלטער איינגעזעסענער היים, לאָזן ערטער, מיט וועלכע מ׳איז איינג פארקניפּט און פארבונדן, צו וועלכע מ׳איז צוגעוווינט פון קינדערשע יאָרן; לאָזן, אפילו,קברים פון עלטערן, זיידעס און באָבעס — דאָס קענען טאָן נאָר איינצלנע מענטשן, א טייל פון קיבוץ, אָבער ניט דער גאנצער קיבוץ.

מ׳דארף זיך קיין סך ניט חקרנען וועגן דער עמיגראציע-פּראָבלעם, ווייל דאָס לעבן האָט אונז שוין פארשפּאָרט די טרחה: קיין מאסן-עמיגראציע קען שוין ביי אונז ניט זיין.

דארפן מיר און מוזן בלייבן אין פּוילן. מיר דארפן בכלל אויפהערן צו זיין א פאָלק, וואָס האלט שטענדיג דעם שטעקן אין האנט און דעם זאַק אויף די פּלייצעס; פּוילן איז אונזער איינגעזעסענע לאנד, און מיר האָבן אויף איר רעכט ניט ווייניגער, ווי אנדערע. דערצו זיינען אונזערע פּערספּעקטיוון אין פּוילן, סיי פּאָליטישע, סיי עקאָנאָמישע, אין עתיד ניט אזוי טרויעריק, ווי זיי זיינען איצט, און ווי זיי דוכטן זיך אויס; פאַרקערט: מיר האָבן א גרויסע צוקונפט אין פּוילן.

די ווערטער וועלן מאָדנע קלינגען אין די אויערן ניט פון איין אידן, נאָר דאָך איז עס אזוי. די אידן, וואָס מיינען אנדערש, קענען פשוט ניט פּוילן, ווייסן ניט איר געשיכטע, קענען ניט די טענדענצן פון איר געזעלשאפטליכער אנטוויקלונג, זיינען ניט באקאנט מיטן קלאסן-צוזאמענשטעל פון דאָס פּוילישע פאָלק, מיט דער ראָליע פון יעדן קלאס אין דער צוקונפט. זיי אידענטיפיצירן איין קלאס מיטן גאנצן פּוילישן פאָלק, און דאָס

איז אַ גרויסער טעות; זיי האלטן זיך ביי דעם אלטן צענטראַ־ליסטישן שטאנדפונקט. די אָריענטאציע געבליבן די זעלבע, נאָר דער אָביעקט פון דער אָריענטאציע אַן אנדערער.

דער אנאליז פון קלאסן באשטאנד פון פוילישן פאָלק, פון די עקאָנאָמישע טענדענצן פון יעדן קלאס פון פוילישן פאָלק, דער אנאליז פון דעם פעלקער־צוזאמענשטעל פון דער פוילישער מלוכה וועט אונז ווייזן, אז מיר דארפן א ביסל אנדערש קוקן אויף דער זאך, ווי מיר האָבן ביז איצט געקוקט.

פוילן איז א נאציאָנאליטעטן־מלוכה, נאָכמער: זי איז קיינ־מאָל ניט געווען קיין נאציאָנאלע מלוכה.

ביז פולן האָט זיך פאראייניגט מיט ליטע, ד. ה., ביזן סוף פון 14־טן יאָר הונדערט, ווען זי איז נאָך געווען א ריין פוילי־שע מלוכה, האָט זי אויך געהאט אנדערע פעלקער, וואָס האָבן קאליע געמאכט דעם ריין פוילישן אויסזען פון דער מלוכה: ס׳האָבן אין איר געוואוינט דייטשן, אידן, אוקראינער און אנד.

די שטעט האָבן זיך געפירט לויט זייערע אייגענע געזעצן, לויט די, אזוי גערופענע, מאגדעבורגער רעכט, וואָס זיינען אריבערגעטראָגן געוואָרן פון דייטשלאנד: אלס מוסטער האָט געדינט דער סטאטוט פון דער דייטשער שטאָט מאגדעבורג. אין א סך שטעט איז די אָפיציעלע שפראך פון זייערע אינסטיטוציעס געווען א לאנגע צייט די דייטשע.

זינט פוילן האָט זיך פאראייניגט מיט דער ליטווישער מלוכה דורך דער התונה פון דער יורשטע פון פוילישן טראָן יאדוויגע מיטן ליטווישן קעניג יאגעלאָ אין 1387־טן יאָר, איז

פוילן געוואָרן א דואליסטישע—א פויליש=ליטווישע מלוכה.

יאגעלאָ האָט מיט זיך געבראכט א גרויסן נדן — זיין גאנצע מלוכה. זי איז געווען גענוג גרויס: זי האָט זיך געצויגן פון באלטישן ים ביזן שווארצן. לויטן שטח ערד איז זי געווען גרעסער פאר דער פוילישער מלוכה גופא; זי איז געווען באזעצט ניט מיט איין פאָלק, נאָר מיט עטלאכע: ליטווינער, ווייסרוסן, אוקראינער און, פארשטייט זיך, אויך אידן.

די היסטאָרישע פוילן, ד. ה., פוילן אין די גרענעצן פון פאר דער ערשטער צוטיילונג, וועלכע איז פאָרגעקומען אין 1772=טן יאָר, האָט געהאט פאר דער מלחמה, לויט פוילישע קוועלן, א פאָלגנדיקן פעלקער=צוזאמענשטעל: פאָליאקן—38 פראָצ. רוטענער—22—24 פראָצ., ווייסרוסן—10—12 פראָצ., דייטשן —11 פראָצ., אידן—10 פראָצ., ליטווינער—3,5 פראָצ. און רוסן (גרויסרוסן)—2,5 פראָצענט.

אין דער עטנאָגראפישער פוילן, ד. ה., אין די געגנטן, וואו די מערהייט פון דער באפעלקערונג זיינען פאָליאקן, שטעלן פאָר די מינדערהייטס=פעלקער אויך א באדייטנדיקן פראָצענט.

אין קרוין=פוילן שטעלן פאָר פאָליאקן 71,8 פראָצ. פון דער באפעלקערונג, אין פויזן—61,5 פראָצ., אין גאליציע—58,6 פראָצענט.

בנוגע דער פראָצענט=ציפער פון פאָליאקן אין גאליציע דארף געגעבן ווערן א דערקלערונג: די ציפערן פון דער באפעל=קערונג לויט דער רעליגיע גיבן א ביסל אן אנדער בילד.

אין גאליציען זיינען דאָ: קאטאָליקן —46,4 פראָצ., אוניאטן

—42 פראָצ. אידישן גלויבן—11 פראָצענט.

הייסט עס, אז די אידן זיינען פאררעכנט געוואָרן פאר־פּאָליאקן פון משה רבינוס גלויבן, און אזוי ארום האָבן די־פּאָליאקן אין גאליציע באקומען א געקינסטלטע מערהייט.

דערין זיינען שולדיג קודם כל די אידן גופא. אין עסטרייך האָבן געהאט בירגערלאכע רעכט זיבן שפּראכן. אידיש האָט, א דאנק די אידישע אסימיליאטאָרן אין ווינער פּארלאמענט, נישט באקומען קיין בירגערלאכע, רעכט. האָבן אידן געמוזט ביי א פאָלקס־ציילונג אָנגעבן א וועלכע עס איז אנדער אומגאנגס־שפּראך, אָבער ניט אידיש. זיינען אידן פאררעכנט געוואָרן צו פארשיידענע נאציעס לויט די אומגאנגס־שפּראכן, וואָס זיי האָבן אויפגעגעבן ביי דער פאָלקס־ציילונג; למשל אין טשעכיע האָט די־דייטשע מאכט פאררעכנט אידן פאר דייטשן, אין גאליציע די־פּוילישע פאר פּאָליאקן.

זיינען די אידישע שטימען געווען א שטרייט־מיטל, מיט וועלכן ס'האָט זיך באנוצט דער אָדער יענער פאָלק, וואָס האָט געהאט די מאכט, און די אידישע שטימען פלעגן קעגן ווילן פון די־אידן באוועלהנען די פעלקער, וועלכע זיינען נישט געווען ביי דער מאכט.

למשל ווען אין א וועלכן ס'איז פּאָוויאט פון גאליציע זיינען געווען 41 פּ"אָצ. קאטאָליקן, 45 פראָצ. אוניאטן און 12 פראָצ. פון אידישן גלויבן, איז ביי דער מאכט אויסגעקומען, אז די־מערהייט אין דעם פּאָוויאט האָבן פּאָליאקן, ווייל 41 און 12 מאכט אויס 53.

אָט די עסטרייכישע פּאָליטיק האָבן פּאָליאקן אומעטום דורכגעפירט. ווען די אוקראיגער האָבן געקעמפט פארן לעמבערגער אוניווערזיטעט און געפאָדערט, עָר זאָל געהערן זיי, האָבן די פּאָליאקן פאררעכנט אלע אידישע סטודענטן פאר פוילישע און אזוי ארום באקומען די מערהייט.

צו דער ציילונג אין 1910־טן יאָר אין עסטרייך האָבן די אידישע פארטייען געגעבן א לאָזונג, אז מ׳זאָל פארשרייבן אידיש אלס אומגאנגס־שפּראך. ס׳האָט אָבער ווייניק געהאָלפן. אין די צעטלען האָט מען אויסגעמעקט אידיש און אוועקגעשטעלט אָנשטאָט דעם פויליש, און די, וואָס האָבן אָנגעגעבן אידיש זיינען באשטראָפט געוואָרן, ווייל אידיש איז געווען אין עסטרייך גע־זעצלאך ניט בארעכטיקט.

די רעזולטאטן דערפון פילן עָר היום די גאליציאנער אידן: אין גאליציע טאָר מען ניט עפענען קיין אידישע פאָלקס־שולן מיט דער אידישער אונטעררייכטס־שפּראך.

ווען ס׳איז אין 1918 אויסגעבראָכן די דייטשע רעוואָלוציע, האָט א טייל עטנאָגראפישע פוילן אראָפּגעוואָרפן פון זיך די פרעמדע ממשלה און איז געוואָרן א זעלבשטענדיקע מלוכה. נאָר די פּאָליאקן האָבן ניט געוואָלט בלייבן ביי זייערע עטנאָגראפישע גרעניצן; זיי האָבן געוואָלט אומקערן זיך צו די גרעניצן פון דער היסטאָרישער פוילן, ווערן א מלוכה פון ים צו ים.

דורך דער דאָזיקער שטרעבונג מוז פוילן פון כמעט א נאציאָנאלע מלוכה ביי די היסטאָרישע גרעניצן פארוואנדלען זיך אין א נאציאָנאליטעטן־מלוכה.

דאָס האָבן פארשטאנען אנדערע פוילישע פּאָליטיקער, און גראָד פון רעכטן לאגער, און זיי האָט זיך ניט געוואָלט, אָדער בעסער געזאָגט, זיי האָבן זיך געשראָקן פארן פארגרעסערן דער פוילישער מלוכה. זיי האָבן געוואָלט בלייבן בעסער ביי דער פארקלענערטער, אָבער דערפאר ריין פוילישער מלוכה; גובר געווען האָבן די גרויס־מלוכה־פארלאנגען פון דאָס רוב פוילישע פּאָליטיקער.

פוילן האָט אָנגעהויבן א מלחמה, כדי אומצוקערן זיך צו אירע אמאָליגע היסטאָרישע גרעניצן.

ס׳איז שוין געווען א מאָמענט, ווען ס׳האָט זיך אויסגעדוכט, אז דער ציל איז שוין דערגרייכט געוואָרן. און אז דער שלום מיט רוסלאנד וועט ווערן אונטערגעשריבן ביי דער סאמע אמאָליגער גרענעץ מיט רוסלאנד, אין באריסאוו.

ס׳האָט זיך אָבער איבערגעדרייט דער מזל, און די פּאָליאקן האָבן ניט באקומען די גאנצע היסטאָרישע פוילן, נאָר דאָך דעם גרעסטן טייל פון איר. און דער ריגער אָפּמאך האָט פארפיקסירט די איצטיגע פוילן.

אין די גרענעצן, לויטן ווערסאלער און ריגער אָפּמאך, געפינען זיך אין פוילן עטלאכע און פופציג פּראָצענט פּאָליאקן. די מינדערהייטס־פעלקער זיינען אלע צוזאמען א קנאפּע העלפט. ווילן אנדערע פארמאסקירן די דערשיינונג און שאפן ציפער.

לויט די גאָר לעצטע קוועלן איז דער פעלקער־צוזאמענשטעל פון דער איצטיגער פוילישער מלוכה פאָלגנדיגער:

פּאָליאַקן—65,3 פּראָצענט, אוקראַינער—16,7 פּראָצ., ווייס־רוסן—3,1 פּר., אידן— 7,4 פּראָצ., דייטשן—5,2 פּר., ליטווינער—0,5 פּראָצ., רוסן 0,5 פּר., אנדערע פעלקער—0,8 פּראָצ. און אומבאַשטימטע נאַציאָנאַליטעטן—0,5 ראָצ.

דער צוזאַמענשטעל פוי דער באַפעלקערונג לויט דער רעליגיע קאָרעזשירט אָט די ציפערן. אין איצטיגן פוילן איז פאַראַן:

קאַטאָליקן—62,2 פּראָצ., אוניאַטן (גריכיש־קאַטוילישע)—12,1 פּראָצענט, משה רבינוס גלויבן—11,6 פּר., פּראַוואָסלאַווגע—9,3 אונעוואַנגעליקער—4,7 פּראָצ.

פון די ציפערן איז קודם כל קענטיג, אז אידן האָט מען פאַרקלענערט אויף 4,2 פּראָצ.: לויט דער סטאַטיסטיק קומט אויס, אז פון אידישן גלויבן איז דאָ 11,6 פּראָצ. פון דער גאַנצער באַפעלקערונג, און אידן זיינען סך הכל פאַראַן 7,4 פּראָצ. ווייטער, קאַטאָליקן זיינען ניט נאָר פּאָליקן, נאָר אויך ליטווינער, ווייסרוסן (בערך איין דריטל ווייסרוסן האַלטן זיך ביים קאַטוי־לישן גלויבן), הייסט עס, אז לויט דער פּוילישער סטאַטיסטיק זיינען אלע קאַטאָליקן פאַררעכנט פאַר פּאָליאַקן, און דאָס לאָזט זיך מאַכן צוליב דער אומבאַוואוסטזיניקייט פון די ווייסרוסן.

זיינען פּאָליאַקן פאַראַן געוויס ווייניגער פאַר 60 פּראָצ. פאַר זיי איז אָבער וויכטיג צו האָבן א גרעסערע מערהייט, שאַפט מען די מערהייט מיט פאַרשיידענע מיטלען, כדי צו ווייזן, אז דער איינציקער פולבאַרעכטיקטער פאָלק פון דער פוילישער מלוכה אין דער פוילישער.

פטור ווערן פון „פרעמדע" עלעמענטן קען מען אויף צוויי־
ים: אָדער זיי ארויסיאָגן, ווי למשל, מ׳האָט געמאכט מיט
אידן אין מאָסקווע, אָדער אסימילירן זיי.

דאָס ערשטע איז פאר א אייראָפּייאישער מלוכה פאָרמעל
אוממעגלאך, קען מען מאכן אָבער דאָס לעבן אזוי, אז די פּרעמדע
פעלקער מוזן אָדער עמיגרירן אָדער זיך לאָזן אסימילירן.

די מיטלען דערצו זיינען אונז גוט באקאנט, און מיר וועלן
זאָגן מיט די ווערטער פון ר׳עקיבא אין „אוריאל אקאסטא": „דאָס
איז אלץ געוועזן", און דאָס איז ניט לאנג געוועזן, וועלן מיר
זאָגן: אונז ליגט נאָך אין זכרון די רוסיפיקאטאָרישע פּאָליטיק
פון דער צארישער רעגירונג.

האָט א סך אויפגעטאָן די צארישע רעגירונג מיט איר
רוסיפיקאטאָרישע פּאָליטיק? יע, זי האָט א גרויסע רעה געטאָן די
ניט רוסישע פעלקער, אָבער נאָך א גרעסערע רעה האָט זי געטאָן
דעם רוסישן פאָלק.

דאָ איז אָבער נאָך א צווייטע פראגע: צי איז אזא פּאָליטיק
בכלל טעגלאך אין פּוילן, צי איז זי אויספירבאר?

פּוילן איז א רעפּובליק; זי האָט איר קאָנסטיטוציע, וועלכע
שטעלט פעסט די גלייכבארעכטיקונג פון אלע פעלקער, וועלכע
וואוינען אין פּוילן. זי האָט איר געזעצגעבערישן אָרגאן — דעם
סיים.

אויב אינם ערשטן סיים זיינען געווען כמעט אויסשליסלאך
פּאָליאקן, ווייל דאמאָלס האָט געקליבן אפילו ניט די גאנצע
עטנאָגראפישע פּוילן, וועט דער נייער סיים האָבן גאַר אן

אַנדער אויסזען. ווי מ'זאָל ניט איינשטעלן די וואל-אָרדינאַציע, וועלן ניט-פּאָליאַקן מוזן אַרייגגיין אין סיים. מיר קענען נאָכגעבן, אז זיי וועלן אריינגיין ניט אין אזא פּראָצענט-צאָל, ווי אין לעבן, נאָר דאָך וועט דער פּראָצענט פון ניט-פּוילישע דעפּוטאטן זיין זייער א גרויסער.

ס'וועלן זיך אין נייעם סיים באווייזן גאָר נייע פיגורן, וועלכע וועלן געהערן ניט צום פּוילישן פאָלק, נאָר צו די מינדער-הייטס-פעלקער. די נייע פיגורן, אלע צוזאמען, וועלן האָבן איין געמיינזאמע, גאנץ קלאָרע, איינהייטלאכע אויפגאַבע — ניט דערלאָזן זיך דערשלינגען דורכן הערשנדיקן פאָלק. אין אזא סיים וועט שוין אידן ניט אויסקומען צו זיין אזוי איינזאם; זיי וועט שוין ניט אויסקומען צו בעטלען חתימות אויף זייערע אָנפראגעס צו דער רעגירונג — זיי וועלן שוין האָבן מיט וועמען זיך צו בלאָקירן.

די קלאוזול פון ווערסאלער טראקטאט וועגן די רעכט פון מינדערהייטס-פעלקער און די פאראגראפן פון דער פּוילישער קאָנסטיטוציע וועגן גלייכבארעכטיקונג פון פעלקער אין פּוילן וועט אויפהערן צו זיין נאָר א געשריבענע קאָנסטיטוציע.

די רעגירונג וועט זיך מוזן רעכענען מיט די רעאלע כוחות פון די מינדערהייטס-פעלקער, מיטן צוזאמענשטעל פון סיים און פירן איר פּאָליטיק אזוי, אז עס זאָל ניט ארויסרופן אויפרעגונג פון א גרויסע צאָל דעפּוטאטן, וועלכע געהערן ניט צום פּוילישן פאָלק. דאמאָלס וועט אויך אויפהערן גילטן די לעגענדע, אז נאָר אידן מאכן אומזיסטע בלבולים אויף פּוילן.

נאָכמער, די פּאָליאַקן גופא, אָדער דער רוב פון זיי, וועלן

אונטערן דרוק פון די רעאלע כחות פון די מינהערהייטס־פעלקער קומען סוף כל סוף צו דער איבערצייגונג, אז מ׳קען ניט לעבן אין אייביקער מלחמה מיט אייגענע בירגער כאָטש ניט פּאָליאקן. און דאמאָלס וועלן זיי ניט פארלאנגען, אז דער ניט־פאָליאק זאָל ווערן „א גוטער פאָליאק", זיי וועלן דאמאָלס ניט אידענטיפיצירן דעם באגריף גוטער פאָליאק מיטן באגריף גוטער פוילישער בירגער; זיי וועלן קומען צום איינציקן ריכטיקן געדאנק, אז מ׳קען זיין א געטרייער בירגער פון דער פוילישער מלוכה, געהערנדיק דערביי צו א ניט־פוילישער נאציע.

אז אזא איבערקערעניש אין די מוחות און אין די באציהונגען פון פאָליאקן צו אנדערע פעלקער איז מעגלאך, קען מען זען פון דער פאָליטיק פון זשעליגאָווסקיס רעגירונג אין ווילנער קאנט. דאָרט עקזעסטירן ווייסרוסישע און אידישע שולן מיט אונטעררירכט אויף דער מוטער־שפראך, און די דאָזיקע שולן ווערן סובסידירט דורך דער רעגירונג. אויף די באראטונגען, וואָס עס רופט אָפּט דער בילדונגס־מיניסטעריום, רעדן די אידישער לערערס אויף אידיש, און די פאָרשטייערס פון דער רעגירונג, פאָליאקן געפינען דאָס פאר גאנץ נאָרמאל

דארפן מיר פארשטיין, אז די איצטיגע לאגע אין פוילן איז ניט קיין מאָס פאר דער לאגע אין עתיד.

די פארביסנסטע שונאים פון אידן זיינען די נאראָדאָווע דעמאָקראטן, דער אוסדריקער פון דער פסיכאָלאָגיע פון דער פוילישער שליאכטע.

צי וועלן זיי האָבן די מערהייט אין צוקינפטיגן סיים, איז

א גרויסער ספק. זיי האָבן שוין איצט ניט קיין מערהייט, ניט קוקנדיק, וואָס זיי האָבן ביי די וואלן צום ערשטן סיים באַקומען א גרויסע מערהייט.

לויט די ציפערן, וואָס עס האָט אויפגעגעבן דאשינסקי אין זיין פּאַרטראַג אויף דער פּ.פּ.ס.-ישער קאָנפערענץ זעהען מיר, אז אויף 1000 פּערזאָן, וואָס האבן געהאט שטים-רעכט, האָבן 75 אָפּגעגעבן זייערע שטימען פאר פּ.פּ.ס. 360—פאר די נאראָדאָווע דעמאָקראטן, און 230—פאר די פויערשע פּארטייען.

ווען מיר וועלן נעמען אין אכט, אז די שטימונג ביי די ערשטע וואלן איז געווען אן אולטראפּאטריאָטישע, איז ניט קיין וואונדער, פארוואָס די נאראָדאָווע דעמאָקראטן האָבן באקומען אזוי פיל שטימען. נאָר דער עולם ניכטערט זיך ביסלאכווייז אויס און אין גרינדונגס-סיים גופא האָבן א סך דעפּוטאטן, וואָס זיינען דורכגעגאנגען אויף די נאראָדאָווא-דעמאָקראטישע ליסטעס זיך אָפּגעגרענעצט פון דער נאראָדאָווער-דעמאָקראטישער סיים פראקציע.

די ארבעט פון סיים האָט א סך אָפּגעקילט, און די פויערים, וואָס שטעלן פאָר מיט זיך דעם גרעסטן פּראָצענט פון דער פוילישער באפעלקערונג, און וועלכע האָבן זייער שטארק אונטערשטיצט די נאראָדאָווע דעמאָקראטישע ליסטעס, זיינען שוין געקומען צו דער איבערצייגונג, אז זייערע וועגן גייען נישט צוזאמען מיט די וועגן פון דער פוילישער שליאכטע.

אין דעם פּרט איז זייער כאראקטעריסטיש דער לייט-ארטיקל, וואָס איז אָפּגעדרוקט געוואָרן אין דער צייטונג „פּיאַסט" פון 7-טן אויגוסט ד. י. די צייטונג איז דער לייט-אָרגאן פון דער

פויערשער פארטיי „פיאסט” צו וועלכע עס געהערט דער געוועזענער פוילישער פרעמיער וויטאָס.

דער ארטיקל איז אָפּגעדרוקט געוואָרן אין א פאָרם פון אן „אויפרוף פון די אמעריקאנער פיאסטאָוועצעס צו די ברידער פויערים דאָ אין פוילן”.

און אָט וואָס מיר לייענען צווישן אנדערעס אין דעם ארטיקל:

„ברידער! לאָזט זיך ניט פירן דורך די פריצים און דורך די קסיאָנדזעס. הערט זיך ניט איין צו די אלע הבטחות, וועלכע קענען קיינמאָל ניט פארווירקליכט ווערן, ריכטעט זיך מיט אייער געזונטן פויערשן שכל... קלייבט אויס אייערע אייגענע מענשן פאר דעלעגאטן אין סיים, סטארעט זיך, איר זאָלט האָבן א מערהייט”.

דער קענען ניט האָפן אויף גוטס פון די מענטשן, וועלכע זיינען קעגן אונז פיינדלאך געשטימט, וועלכע האָבן זיך באמיט און מיען זיך נאָך היינט צו האלטן אונז אין פינסטערניש און פאלגזאמקייט בונגע צו זיי...”

ווען פויערים הויבן שוין אָן צו רעדן מיט אזא לשון וועגן די גלחים, וועלן שוין די נאראָדאָווע דעמאָקראטן קיין סך פויערשע שטימען ניט האָבן, און אין צוקינפטיקן סיים וועלן זיי זיין אין דער מינדערהייט, אפילו צווישן די פאָליאקן.

די פויערים מוזן זיין רעאלע פאָליטיקער, זיי זיינען צו באָנט צום רעאלן ארבעטס-לעבן, אז זיי זאָלן לאָזן זיך פארפירן דורך פריצישע „פאנטאזיעס”. זיי ווילן זיך סוף כל סוף אָפּשאָקלען

פון דער, אָנגעוואָרפענער דורך דער שליאכטע, שנאה צו אידן. זיי וועלן פשוט בארעכענען, אז אייגנטלאך זיי, די שאפערס פון די דאָרפישע פּראָדוקטן, האָבן ניט, צוליב וואָס זיך צו רייסן מיט אידן, וועלכע זיינען פארנומען מיט שטאָטישע באשעפטיגונ־גען, און אז די שפיל פון די אנטיסעמיטישע העצעס איז אבסאָ־לוט ניט לטובת די פויערים. ווער רעדט, אז דער פּוילישער פויער וועט זיך טרעפן אין סיים מיט די פויערים פון אנדערע פעל־קער, ווי ווייסרוסן און ליטווינער, וואָס לעבן מיט אידן גאנץ בשלום, וועט ער זיין שטעלונג אין דער אידן פראגע גאנץ גיך בייטן.

אין סיים וועלן זיין פאָרשטייערס פונגאָך א קלאס, וועלכער וועט נאָך וויניקער זיין געניגט צו פירן א ספּעציפיש־אנטיסע־מיטישע פּאָליטיק, דאָס וועלן זיין די פאָרשטייערס פון ארבע־טער־קלאס, וויניגסטנס פון סאָציאליסטישן פליגל.

וועלן די פּוילישע דעפּוטאטן אין קומנדיקן סיים ניט האָבן קיין איינהייטליכן פראָגט בנוגע צו אידן און דער אידן־פראגע אין פּוילן: פארשיידענע פראקציעס וועלן האָבן פארשיידענע שטעלונ־גען צו דער פראגע, און ס׳קען זייער לייכט זיך טרעפן, אז אמתע פאטענטירטע פּאָליאקן וועלן שטימען אין דער פראגע מכוח די רעכט פון די מינדערהייטס־פעלקער בכלל און צו אידן בפרט צוזאמען מיט די דעפּוטאטן פון די מינדערהייטס־פעלקער און ניט מיט די אנדערע פּאָליאקן.

וואָס שטעלט אָבער פאָר מיט זיך רעאל דער באגריף מינ־דערהייטס־פעלקער אין פּוילן? דאָס איז ניט קיין איין פאָלק, נאָר

עָטלאכע פעלקער. יעדער פון זיי האָט זיין געשיכטע, זיין סאָ־ציאלן בוי און, זעלבסטפארשטענדלאך, זייז ספעציפישע באציהונג צו אידן. כדי דאָס צו פארשטיין, מוזן מיר זיך באקענען, וואָס אזוינס שטעלט פאָר מיט זיך די אזוי גערופענע היסטאָרישע ליטע, וואו פאָליאקן זיינען א מיעוט.

II.

# די היסטארישע ליטע.

ליטע איז אמאָל געווען א זעלבשטענדיקע מלוכה; צו דער היסטאָרישער ליטע האָבן געהערט אלע געגנטן ארום ניעמאן, דווינע, דנעפּר, ד. ה., קאָוונער, סובאלקער, ווילנער, גראָדנער, מינסקער, וויטעבסקער, מאָהילעווער, טשערעניגאָווער, קיעווער, פּאָדאָלער, א טייל וואָלינער.

אין דער גרויסער מלוכה זיינען די ליטווינער געווען אינ־גאנצן א דריטל פון דער באפעלקערונג, נאָר זיי האָבן געהאט די מאכט, איז די מלוכה געווען א ליטווישע.

בשעת עס האָט זיך געשאפן די ליטווישע מלוכה, זיינען נאָך די ליטווינער געווען געצנדינער און א גאנץ פרימיטיווער פאָלק.

די אוקראינער און די ווייסרוסן האָבן אָנגעהויבן פריער צו לעבן מיט א זעלבשטענדיקער מלוכה־אָרדנונג, ווי די ליטווי־נער; זיי זיינען אלע געווען קריסטן פון פראוואָסלאוונעם גלויבן, און זייער קולטור איז געווען א העכערע, ווי די ליטווישע. איז ניט קיין וואונדער, אז זיי האָבן באקומען א גרויסע השפּעה אין דער ניי געשאפענער מלוכה.

אין ליטווישן הויף האָט מען מער געהערט די ווייסרוסישע שפראך, ווי די ליטווישע; זי איז, אייגנטלאך, געווען די אָפיציעלע שפראך פון דער ליטווישער מלוכה. דער ליטווישער סטאטוט, ד. ה., די געזעצן פון ליטע, איז געשריבן ניט אויף ליטוויש, נאָר אויף דער ווייסרוסישער שפראך.

די ליטווישע מלוכה איז געווען ארומגערינגלט מיט פיינד־לאכע פעלקער, מיט וועלכע איר איז געווען שווער צו קעמפן. כדי פארזיכערן איר עקזיסטענץ, האָט די ליטווישע מלוכה זיך פאראייניקט מיט פוילן. ס'האָט זיך געשאפן א פעדעראציע, א פארבאנד פון דער ליטווישער און פוילישער מלוכה, און די נייע פעדעראטיווע מלוכה האָט טאקי געהייסן פויליש־ליטווישע.

א צייט האָט די ליטווישע מלוכה, זייענדיג אין פארבאנד מיט פוילן, געפירט דאָך א זעלבשטענדיקע מלוכה־עקזיסטענץ. מיט דער צייט אָבער האָט די ווירקונג פון פוילן זיך פארשטארקט, און ליטע האָט זיך איינגעקערפערט אין דער פוילישער מלוכה.

די לובלינער וניע, וואָס איז פאָרגעקומען אין 1569־טן יאָר, ד. ה. מיט 350 יאָר צוריק, האָט געמאכט א סוף מיט דער ליטווישער זעלבשטענדיקייט.

זינט ליטע האָט אָנגעהויבן צו פאראייניקן זיך מיט פוילן, איז די פוילישע קולטור און די קאטוילישע רעליגיע געוואָרן די הערשנדיקע אין ליטע.

זיינען די ליטווינער געוואָרן קאטאָליקן, און דערמיט האָט זיך שוין במילא אָפגעשוואכט די ווירקונג פון די ווייסרוסן, וועלכע זיינען געווען פראוואָסלאוונע.

די סאָציאַלע אָרדנונג אין ליטע איז געווען א ביסל אַנדערע ווי אין פוילן. די גאנצע מאכט און די גאנצע רעכט אויף דער ערד האָט געהאט דער קעניג, וואָס האָט זיך גערופן „קניאז”.

די ליטווישע שליאכטע, אָדער ווי מען האָט זיי גערופן „באָיארן”, איז געווען שטארק אָפּהייננגיג פון „קניאז”, ריכטיק פארקערט ווי אין פוילן.

די פוילישע ממשלה האָט געבראכט דערצו, אז אין ליטע האָט די שליאכטע אויך באקומען די זעלבע רעכט, וואָס אין פוילן לויטן האָראָדעליער אָפּמאך, וואָס איז פאָרגעקומען אין שטעטל האָראָדעליע, לובלינער קאנט, אין 1413־טן יאָר, האָבן די ליטווישע „באָיארן” געקענט זיך צושרייבן צו די הערבן פון דער פוילישער שליאכטע, ד. ה. ווערן פוילישע שליאכטיטשן, באָר מיט איין תנאי, אז זיי זאָלן אָננעמען קאטאָליציזם.

אָט דער פאקט האָט צוגעצויגן די ליטווישע שליאכטע צו פוילן, האָט געעפנט די טירן פאר דער פוילישער ווירקונג אין ליטע. די ליטווישע „באָיארן” האָבן זיך אין זייערע אייגענע אינטערעסן זייער גיך פּאָלאָניזירט און קאטאָליציזירט. די אלטע פוילישע מאגנאטן, ווי ראדזיווילס, סאפּיעהעס, טשארטאָרינסקיס, טישקעוויטשעס, זיינען אמאָל געווען ליטווינער אָדער ווייסרוסן און געוואָרן אין פארלויף פון דורות עכטע פּאָליאקן, וואָס האָבן פארטיידיקט די פוילישע אינטערעסן אין ליטווישן קאנט.

חוצדעם האָט די פוילישע שליאכטע באקומען ערד אין דער ליטווישער מלוכה, וועלכע האָט דאָס געהאט זייער א סך.

זיינען עכסע פּאָליאקן אריינגעדרונגען אין ליטווישן קאנט—זיי האָבן קאָלאָניזירט ליטע.

די ליטווישע שפּראך, די שפּראך פון הערשנדיקן פאָלק אין ליטע, וועלכע איז פריער אויך ניט געווען קיין יחסנותדיקע, איז אינגאנצן ארויסגעשטויסן געוואָרן פון די מלוכה איינריכטונגען און פון שטאָט. זי איז געבליבן נאָר אין דאָרף, ביי די ליטווישע פּויערים.

די שליאכטע פון צווייטן ווירקנדיקן פאָלק אין דער ליט- ווישער מלוכה, פון ווייסרוסישן, איז אויך פּאָלאָניזירט געוואָרן. די ווייסרוסישע שפּראך איז אויך ארויסגעטריבן געוואָרן אין דאָרף. פון א שפּראך, וואָס האָט געהילכט אין קעניגלאכן ליטווישן הויף, אויף וועלכער עס זיינען פארמולירט געוואָרן די ליטווישע געזעצן, אויף וועלכער עס זיינען געשריבן געוואָרן אָפיציעלע פּאפּירן, דאָקומענטן, אויף וועלכער די ריכטערס פלעגן פירן זייערע פּראָטאָקאָלן, איז די ווייסרוסישע שפּראך פארוואנדלט געוואָרן אין א ריין פּויערשער, „כלאָפּסקער” שפּראך.

אויף אזא אופן האָט זיך באקומען אין דער היסטאָרישער ליטע א צווייִשטאָקיגע געביידע: דער אויבערשטער שיכט, די שליאכטע, א פּוילישע לויט איר קולטור און שפּראך; דער אונטער- שטער שיכט, דאָס פּאָלק, די ברייטע מאסן, די פּויערים אין דער עטנאָגראפישער ליטע—ליטווינער לויט זייער שפּראך, קולטור און אָפּשטאמונג, אין ווייסרוסלאנד—ווייסרוסן און אין אוקראינע— אוקראינער.

די נאציאָנאלע קעגנזעצלאכקייטן זיינען אין דער היסטאָרישער

ליטע גלייכצייטיק געזען אויך סאָציאלע: דער גוטבאזיצער איז געווען א פּאָליאק, זיין קנעכט, דער פּויער—א ליטווינער, ווייסרוס, אָדער אוקראינער.

די צוטיילונג פון פּוילן האָט ארייגעבראכט אין דער היסטאָרישער ליטע א נייעם פאקטאָר—די רוסישע ממשלה. זי האָט זיך ארייגעריסן אהין מיט מאכט און קראפט און האָט געוואָלט, אז ניט נאָר די ערד, נאָר אויך די באפעלקערונג זאָל זיין אָפּגעריסן פון פּוילישע ווירקונגען.

כלערליי מיטלען האָט אָנגעווענדעט די רוסישע רעגירונג, כדי צו פארקלענערן די ערדבאזיצן פון דער פּוילישער שליאכטע אין דער היסטאָרישער ליטע. דער לעצטער געזעץ אירער איז געווען דער פארבאט אין 9 גובערניעס פון דער היסטאָרישער ליטע צו פארקויפן ערד פּאָליאקן.

אזוי ארום האָט זיך די סטרוקטור פון ערד-באזיצונג אונ-טער דער רוסישער ממשלה געביטן, און נאָך אלעמען איז די ער-באזיצונג פון די פּאָליאקן געבליבן זייער א גרויסע.

לויט דער סטאטיסטיק איז אין די גובערניעס פון צפון-מערב-קאנט ד. ה. גראָדנער, קאָוונער, ווילנער, וויטעבסקער, מינסקער און מאָהילעווער גובערניעס שטעלן פּאָליאקן פאָר 12—10 פּראָצ. פון דער באפעלקערונג. דער גרעסטער פּראָצענט איז אין גראָדנער גובערניע, דער קלענסטער אין מאָהילעווער.

אין די זעלבע גובערניעס פון דער גוטבאזיצערישער ערד געפינט זיך אין די הענט פון די פּאָליאקן: אין קאָוונער גובער-ניע 72 פּראָצ., אין ווילנער—69 פּראָצ., אין גראָדנער—50 פּראָצ.

אין מינסקער—45 פראָצ. וויטעבסקער—37 פראָצ., אין מאָהי־
לעווער—31 פראָצ.

אין אוקראינע זיינען פאָליאקן בלויז 5 פראָצ., און ערד־
געהערט צו זיי 55 פראָצ.

איז פארשטענדלאך, פארוואָס פאָליאקן האָבן נאָך עד היום
אזא גרויסע השפעה אין דער היסטאָרישער ליטע.

די מלחמה האָט אויפגעבויט צוריק ליטע אלס א זעלב־
שטענדיקע מלוכה, נאָר אין אירע עטנאָגראפישע גרענעצן. דאָס איז
די אזוי גערופענע קאָוונער ליטע. דאָך איז א טייל ליטווינער
געבליבן אויסער דער ליטווישער מלוכה, קען די ליטווישע רע־
גירונג ניט באפרידיקן זיך מיט די ארויסגעטיילטע פאר איר
גרעניצן: זיי נעמען ניט ארום, אפילו, די גאנצע עטנאָגראפישע
ליטע, און קאָוונער ליטע שטעלט פאָר מיט זיך נאָר א קליינעם
טייל פון דער היסטאָרישער ליטע. זי האָט, אפילו, ניט באקומען
די געוועזענע הויפט־שטאָט פון ליטע — ווילנע. פרעטענדירט די
ליטווישע רעגירונג אויף א גרעסערן שטח ערד אויף די קאנטן,
וואָס זיינען אמאָל געווען באזעצט מיט ליטווינער און נאָכדעם
פאָלאָניזירט געוואָרן. גענויער גערעדט, פרעטענדירט קאָוונער
רעגירונג אויף ווילנער גובערניע, אויף א טייל גראָדנער און
סובאלקער.

אמת, אין די געגנטן זיינען דאָ ווייניק ליטווינער, זיי זיינען
אפילו זייער ווייניק דאָ אין דער געוועזענער רעזידענץ־שטאָט
פון דער אמאָליגער ליטווישער מלוכה אין ווילנע. קומט פאָר
צווישן צוויי רעגירונגען, די פוילישע און די ליטווישע, א פאר־

ביטערסטער קאמף פאר דער הערשאפט אויף די געוועזענע ליט־ווישע געגנטן. יעדער צד ברייננט ראיות היסטאָרישע, עטנאָגראַ־פישע און אנדערע, אז על פי יושר קומען אים די געגנטן. דער־ביי פארגעסט מען, אז ניט די ליטווינער און ניט די פּאָליאקן האָבן ניט אין די געגנטן קיין מערהייט. עס איז פאראן אין די געגנטן א גרויסער פּראָצענט ווייסרוסן און אויך אידן.

אויב מיר וועלן אָננעמען, אז די פוילישע פּאָליטיק בנוגע צו די קאנטן איז אן אימפּעראליסטישע, ד. ה., די פוילישע מלוכה וויל פארנעמען קאנטן, וואָס געהערן איר ניט לויט זייער באפעלקערונג נאָר זיינען איר נויטיק, כדי פוילן זאָל ווערן א גרויסע מלוכה, איז די ליטווישע פּאָליטיק ניט ווייניקער אימ־פּעראליסטיש.

די ליטווישע רעגירונג איז באהערשט דורך דערזעלבער פּסיכאָלאָגיע, וואָס די פוילישע. די נפקא מינה פון די צוויי רע־גירונגען איז די, וואָס פּאָליאקן האָבן דאָך א גרויסע מלוכה, אפילו אין זייערע עטנאָגראפישע גרעניצן, און זיינען א פּאָלק מיט א העכערע קולטור, און דעריבער האָבן זיי א וועלכע ס׳איז פארענטפערונג אויף זייער פּאָליטיק.

איז די לאגע פון קאָוונער ליטע א טראגישע: אין די עט־נאָגראפישע גרעניצן איז זי צו קליין, און אין א גרעסערן שטח ווערט דאָס ליטווישע פּאָלק א מיעוט. זי וועט אָבער ווערן אויס טראגיש, ווען די איצטיקע מנהיגים פון ליטווישן פּאָלק וועלן ביימן זייער פּאָליטיק, ווען זיי וועלן קומען צום קלאָרן געדאנק, אז אין לענדער, וואו די באפעלקערונג איז א געמישטע, קען ניט און דארף ניט זיין קיין הערשנדיקער פּאָלק

אויב די לאגע פון דער פוילישער מלוכה איז ניט אזוי טראגיש, ווייל זי איז דאָך א גרויסע מלוכה, און די פּאָליאקן זיינען דאָך א באדייטנדיקע מערהייט אין איר, איז די טענדענץ צו זיין דורכאויס א הערשנדיקע פאָלק פאר וועלכן עס איז באַשאפן געוואָרן א באשטימטער שטח ערד, אויף אויסשליסלאך צו הערשן אויף אים, אן אומגליקלאכע: זי לאָזט איר ניט נאָרמאל אנטוויקלען זיך און די פּאָליאקן אליין ליידן פון דער דאָזיקער טענדענץ.

דער וואָרט „הערשנדיק פאָלק" דארף בכלל שוין ארויסגיין פון מענטשלאכן לעקסיקאָן. אויפן פאפיר איז דאָס שוין גענוג קלאָר פאָרמולירט געוואָרן. די פאָרמול איז: יעדער פאָלק האָט רעכט אויף זעלבסטבאשטימונג. פארשטייט זיך, אז די פאָרמול שליסט אויס א וועלכע עס איז הערשאפט פון איין פאָלק איבערן צווייטן.

אין לעבן איז עס נאָך דערווייל אזוי ניט. נאָר דער לעבן וואָס האָט געבראכט צו דעם געדאנק, וועט אויך ברייגגען צו דער פראקטישער פארווירקלאכונג פון דעם געדאנק.

אויב די שטרייט-געגנטן פון דער היסטאָרישער ליטע וועלן איבערגיין צו דער ליטווישער רעגירונג, וועלן די ניט-הערשנדיקע אין די געגנטן פעלקער אין דער פאָראויסגעזעהענער ליטווישער מלוכה, ד. ה. די ווייס-רוסן, אידן און פּאָליאקן, צווינגען די ליטווינער, אויפהערן צו שפילן די ראָליע פון א הערשנדיקן פּאָלק, אויפהערן צו פרעטענדירן אויף וועלכע עס איז ספּעציפישע רעכט.

אויב די שטרייט-געגנטן וועלן איבערגיין צו פוילן, וועלן די ניט הערשנדיקע פעלקער פון די געגנטן ד. ה. די ווייסרוסן אידן און די ליטווינער, וועלכע וועלן פארבלייבן אין די געגנטן, צווינגען די פוילישע רעגירונג און דאָס פוילישע פאָלק ענדערן זייער פאָליטיק.

ווי מ׳זאָל ניט איינטיילן די שטרייט-געגנטן צווישן די ליטווינער און די פאָליאקן, וועט א טייל פון דיביידע פעלקער אלץ איינס אויסקומען וואוינען אונטער איין מלוכה-דאך: אין דער פוילישער מלוכה וועט מוזן בלייבן א ביסל ליטווינער, און אויך א בעשטימטער פראָצענט פאָליאקן וועלן מוזן זיין בירגער פון דער ליטווישער מלוכה. די פעלקער פון דער היסטאָרישער ליטע וואוינען אזוי צומישט, אז אויף קיין אופן קען מען ניט געפינען קיין ריכטיקע ליניע, וועלכע זאָל לחלוטין אָפטיילן איין פאָלק פון אנדערן.

חוצדעם זיינען די ביידע מדינות, די פוילישע און ליטווישע איינג פארבונדן געאָגראפיש און היסטאָריש. דער טייך ניעמאן, וואָס איז אין פלוג גענומען א ליטווישער, קען זיך פאר א זעלבן ניט רעכענען. זיין אָנהויב איז אין מינסקער גובערניע, און ער רינט דורך מינסקער, ווילנער, גראָדנער און קאָוונער גובערניעס. די אמתע עטנאָגראפישע ליטע ביים טייך ניעמאן הויבט זיך אָן אונטער גראָדנע, דאָרט, וואו ס׳פאלט אריין אין אים דער צו-פלוס האנטשא.

א סך ערטער פון דער היסטאָרישער ליטע דערמאָנען היסטאָרישע געשעהענישן ניט נאָר פון ליטווישן פאָלק, נאָר אויך

פון פוילישן פאָלק. און ווער ס׳וועט ניט שרייבן, סיי א פּאָליאַק, סיי א ליטווינער, די געשיכטע פון זיין פאָלק, וועט אָט די ער־ מער ניט קענען אויסמיידן ניט דערמאָנענדיק זיי.

ביי אזא לאגע מוזן זיך די ביידע פעלקער, די פּאָליאקן און די ליטווינער, אָפּט סיי פריינדלאך, סיי פיינדלאך צוזאמענ־ שטויסן, און אייזן און בלוט וועט אויף קיין אופן ניט קענען פארענטפערן די סכסוכים, וועלכע מוזן ווילנדיק ניט ווילנדיק אויפשווימן ביי אזא נאָענטן צווישן־לעבן, וואָס עס מוזן פירן די ביידע פעלקער.

אזעלכע סצענעס, וואָס זיינען ניט לאנג פאָרגעקומען אין קאָווגער סיים וואו די ליטווישע דעפּוטאטן האָבן געשלאָגן די פוילישע, קענען אויף קיין וועג ניט פירן צו קיין געוואונשטע רעזולטאטן. פארקערט, זיי קענען נאָר פירן צו אויפרייצן און פארשארפן די באציהונגען צווישן די ביידע פעלקער און אמאָל, פירן צו פרעמדער אינטערווענץ. האָבן דאָך די פּאָליאקן געקלאָגט זיך פארן העכסטן ראַט און פאר דער פעלקער־ליגע פאר דער באליידיגונג, וואָס איז פארשאפט געוואָרן די פוילישע דעפּוטאטן אין ליטווישן סיים.

דער לעבן וועט דיקטירן אן אנדער ענטפער אויף די אָנ־ געווייטאָגטע באציהונגען. סיי די פּאָליאקן, וואָס ווילן זיין א הערשנדיק פאָלק אויף א באשטימטן שטח, סיי די ליטווינער וואָס ווילן די זעלבע ראָלע שפּילן, ועלן מוזן סוף כל סוף קומען צו דער איבערצייגונג, אז איין ענטפער אויף דער לאגע קען נאָר געגעבן ווערן אין זינען פון דעם לאָזונג, וואָ איז געוואָ

אמאָל אזוי פּאָפּולער בּיי די פּאָליאקן און וואָס איז איצט צום
בּאדויערן אזוי ניט פּאָפּולער—דאָס איז דער לאָזונג: „פ ר יי ע
מ י ט  פ ר יי ע,  ג ל יי כ ע  מ י ט  ג ל יי כ ע״

---

III

# ווייסרוסלאנד

דער צווייטער טאָלק, וואָס איז געווען איינג פארבונדן מיט דער היסטאָרישער ליטע איז דער ווייסרוסישער.

די ווייסרוסן וואוינען אין קאָמפאקטע מאסן אין מינסקער, וויטעבסקער, מאָהילעווער, טיילווייז אין ווילנער, גראָדנער, פסקאָווער, סמאָלענסקער גובערניעס, אין דער אזוי גערופ. ווייסרוסלאנד.

ווייסרוסלאנד איז קיינמאָל ניט געווען קיין זעלבשטענדיקע מלוכה. גאָר אמאָל, איידער ווייסרוסלאנד איז אונטערגעפאלן אונטער דער ממשלה פון די ליטווינער, האָבן דאָרט געהערשט פעלאכע „קניאזן”. וועלכע זיינען אלע געווען אונטערוואָרפן אין א געוויסער מאָס דעם קיעווער „גרויסן קניאז”. איז ווייסרוסלאנד דאמאָלס געווען א טייל פון דער אזוי גערופענער קיעווער רוסישער מלוכה, וואָס האָט עקזיסטירט, איידער ס'האָט זיך באוויזן די מאָסקעווער רוסישער מלוכה—די גוט אונז באקאנטע רוסישע מלוכה.

נאָכדעם, ווי די טאָטערן האָבן פּאַראַליזירט מיט זייערע מחנות מזרח אייראָפּע און איינגענומען א טייל פון דער קיעווער מלוכה, איז ווייסרוסלאנד אונטערגעפאלן אונטער דער ליטווישער ממשלה; זי איז געוואָרן א טייל פון דער ליטווישער מלוכה.

אין דער ליטווישער מלוכה, וואָס אין דאמאָלס נאָר וואָס אויפגעשטאנען פון די באזונדערע ליטווישע שבטים, האָבן די ווייסרוסן באלד אָנגעהויבן שפּילן א גרויסע ראָליע, אלס א פאָלק מיט א באשטימטער היסטאָרישער פאַרגאַנגענהייט און א העכערער קולטור. די ווייסרוסן זיינען שוין געווען קריסטן דאן ווען די ליטווינער זיינען נאָך געווען געצנדינער: זיי האָבן אָנגענומען קריסטנטום מיט 400 יאָר פריהער פאר די ליטווינער. א דאנק דער געאָגראפישער לאגע זייערער זיינען די ווייסרוסן געווען אריינגעצויגן אין דעם מסחר־שטראָם צווישן די סקאַנדינאַווישע פעלקער און דער ביזאנטישער אימפּעריע און זיינען געווען אונטער דער השפעה פון דער גריכישער קולטור שוין דאמאָלסט, ווען די ליטווינער האָבן נאָך געוואוינט אין די וועלדער, אין די בלאָטעס, ארום דו אָזערעס, ביי די טייכן פון די אָפּגעלייגטע קאנטן ביים באלטישן ים.

איז ניט קיין חידוש, וואָס אין דער ניי־אויפגעשטאנענער ליטווישער מלוכה האָבן די ווייסרוסן באלד אָנגעהויבן שפּילן א גרויסע, מ׳קען זאָגן, א דאָמינירנדיקע ראָליע. די ליטווישע מלוכה איז געווען פאקטיש א ליטוויש־ווייסרוסישער מלוכה.

זינט ליטע האָט זיך פאראייניקט מיט פּוילן, און ס׳איז געשאפן געוואָרן א פּויליש־ליטווישע מלוכה, זיינען די ווייסרוסן

אָפּגעשטויסן געוואָרן פון דער היסטאָרישער ארענע, און זיי האָבן שוין ניט געקענט צוריק זיך ארויפכאפּן. מיט דער צייט זיינען זיי דערגאנגען צו א לאגע, אפילו ניט פון א פאָלקל, נאָר פון א עטנאָגראפישע גרופּע, וואָס האָט ניט קיין אייגענע גרויסע קולטור, אנטוויקלטע שפראך, רייכע ליטעראטור.

זייער אדל, וואָס האָט שוין פארמאָגט א באשטימטע אייראָפּייאישע קולטור און האָט זיך באנוצט מיט זיין אייגענער, גענוג פאר יענער צייט אנטוויקלטער ווייסרוסישער שפראך, איז פּאָלאָניזירט געוואָרן, ווי דאָס איז פאָרגעקומען מיטן אדל פון אנדערע פעלקער פון דער היסטאָרישער ליטע. נאָר דער פויער איז געבליבן ביי זיין ווייסרוסישער שפראך, ביי זיינע מנהגים און הלבשה.

אן אומגליקאך פאָלק זיינען געוואָרן די ווייסרוסן: פארלאָזן דורך אייגענע, אונטערדריקט דורך פרעמדע. דאָס איז שוין ניט געווען קיין פאָלק מיט א פילפאכיקער סאָציאלער טרוקטור נאָר איין קלאס פון פאָלק—דער פארשקלאפטער ווייסרוסישער פויערטום.

ביים ווייסרוסישן פאָלק איז נישט געווען ניט קיין אדל, ניט קיין מיטל-קלאס, ניט קיין אינטעליגענץ. ד. ה., די אלע גרופן, וואָס קענען, א דאנק זייער מאטעריעלן וואוילשטאנד, שאפן א רייכע קילטור, אנטוויקלען די שפראך, ליטעראטור, קונסט א. א. וו. זיינען די ווייסרוסן געוואָרן במילא אן אָפּגעשטאנען פאָלק.

און אָט איז געקומען די רוסישע ממשלה: נאָך דער ערשטער

צוטיילונג פון פוילן איז כמעט גאנץ ווייסרוסלאנד אריבערגעגאנגען צו דער רוסישער מלוכה. אונטער דער רוסישער ממשלה האָט זיך די לאגע פון די ווייסרוסן נאָך מער פארערגערט. די צארישע רעגירונג, וואָס האָט מיט געוואלד געפלאנצט די רוסישע שפראך און די רוסישע קולטור אין די אלע קאנטן וואָס זי האָט פארנו־מען, האָט אפילו ניט געפונען פאר נויטיק צו מאכן וועלכע ס'איז צערעמאָניעס מיט די ווייסרוסן. די פאָרשטייערס פון דער צארישער רוסלאנד האָבן געטענהט, אז די ווייסרוסן זיינען אייגנטלאך, א טייל פון רוסישן פאָלק, וועלכער רעדט אויף א באזונדער דיאלעקט, אויפן ווייסרוסישן. לויט זייער מיינונג באַ־שטייט דאָס רוסישע פאָלק פון דריי גרופן, וואָס שיידן זיך אָפּ איינע פון דער אנדערער בלויז דערמיט, וואָס זיי ריידן אויף פארשיידענע דיאלעקטן פון דער רוטישער שפראך. לויט זייער טערמינאָלאָגיע ווערן די רוסן צוטיילט אויף גרויסרוסן, קליינ־רוסן און ווייסרוסן, און די רוסישע שפראך האָט דריי דיאלעקטן גרויסרוסישן, קליינרוסישן און ווייסרוסישן.

אָן דעם שטאנדפונקט האָט זיך ניט נאָר געהאלטן די אָפיציעלע רוסלאנד, נאָר אויך אפילו די רוסישע געלערנטע.

אויב אזוי, איז ניטאָ קיין באזונדער ווייסרוסיש פאָלק. און קיין באזונדער ווייסרוסישע שפראך, דארפן זיי ניט ווערן אָפּגעטיילט פון גאנצן רוסישן פאָלק. און די רוסישע רעגירונג האָט אָנגענומען אלע מיטלען, כדי פולשטענדיק צו רוסיפיצירן די ווייסרוסן. איז די דענאציאָנאליזאציע פון דעם ווייסרוסישן פאָלק ניט אָפּגעשוואכט געוואָרן אונטער דער רוסישער מאכט — האָט נאָר אָנגענומען אן אנדער ווענדונג.

דערצו האָבן די ווייסרוסן געהאט נאָך א צרה: קריסטנטום איז צו זיי אריבערגעגאנגען פון די גריכן, האָבן זיי אלע צו־ערשט געהערט צו דער גריכישער, אָרער פּראוואָסלאווגער קיר־כע. אונטערן דרוק פון דער פּויליש־ליטווישער מאכט האָבן א טייל ווייסרוסן אָנגענומען דעם קאטוילישן גלויבן. אזוי ארום שטעלן שוין ניט פאָר די ווייסרוסן קיין איינהייטלאך פאָלק בנוגע צו דער רעליגיע: צוויי דריטל פון זיי געהערט צו דער פּראוואָסלאווגער קירכע און איין דריטל צו דער קאטוילישער. אין דער פּראוואָסלאווגער קירכע הערשט דער רוסישער פּאָפּ, אין דער קאטוילישער דער פּוילישער קסיאָנדז. האָבן מיר א צווייטן שטראָם פון דענאציאָנאליזאציע פון ווייסרוסישן פאָלק—דורך דער קירכע.

בנוגע צו דער רעליגיע געפינען זיך די לעטן, למשל, אין א ענלאכער לאגע. די לעטן געהערן צו דריי קירכעס: צו דער עוואנגלישער (אין ליפלענדער און קורלענדער גובערניע), צו דער קאטוילישער און פּראוואָסלאווגער (אין דער וויטעבסקער גוב. אין אזוי גערופענע פּוילישע אינפלאנטן) נאָר דער לעטישער פּאָפּ מוז זיין א לעט אָדער א מענטש וואָס קען די לעטישע שפּראך, אנדערש וועלן אים די לעטן ניט פארשטיין דאָס זעלבע איז אויך מיטן לעטישן קסיאָנדז און מיטן לעטישן פּאסטאָר. די אייגנאר־טיקע שפּראך זייערע לאָזט ניט די לעטן זיך מישן מיטן הערשנ־דיקן פאָלק, בלייבן זיי ביי זייער נאציאָנאלער פיזיאָנאָמיע.

נאָר אנדערש איז אָבער מיט די ווייס־רוסן: זייער שפּראך איז א סלאווישע, און דער רוסישער פּאָפּ אָדער דער פּוילישער

קסיאָנדז, וועלכע רעדן אויך אויף סלאַווישע שפּראַכן, קענען זיך גוט פאַרשטענדיקן מיטן ווייס־רוסישן פויער. דער פויער פּאַסט זיך צו צו זיין גייסטלאכן און רעדט מיט אים אויף זיין שפּראַך, פאַר זיין גייסטלאכן האָט דער פויער דרך־ארץ, האָט ער אויך דרך־ארץ פאַר זיין שפּראַך. מיט דער שפּראַך פון גייסטלאכן רעדן אויך די, אזוי גערופענע, העכערע שיכטן פון פאָלק.

באקומט זיך אין דער שפּראַך־פראַגע א טאָפּעלע לאַגע: די אזוי־גערופענע העכערע שיכטן רעדן אויף איין שפּראַך, אויף א „פריצישע" שפּראַך, דער פויער רעדט אויף א אנדער שפּראַך, אויף א „פויערשע" שפּראַך. גייען זיך צוזאַמען, הייסט עס, אין ווייס־רוסלאַנד די סאָציאלע קעגנזעצלאכקייטן מיט די שפּראַך־קעגנזעצלאכקייטן: די אָנפירנדיקע שיכטן, און די אונטערדריקטע שיכטן ריידן אויף צוויי שפּראַכן.

סיי אין מאַטעריעלן פּרט און סיי אין זינען פון דער שפּראַך מיט וועלכער די באַפעלקערונג באַנוצט זיך, ווארפן אָן די הערשנדיקע שיכטן זייער ווילן די אונטערדריקטע שיכטן. דאַרף דאָ פאָרקומען א טאָפּעלער קאַמף: דארפן די אונטערדריקטע שיכטן אויסקעמפן אי זייער מאַטעריעלע עקזיסטענץ, אי די פולע רעכט צו באַנוצן זיך מיט זייער אייגענער מוטער־שפּראַך, מאַכן זי פאַר א גלייכבאַרעכטיקטע.

אין דעם פּרט זיינען די ווייסרוסן ניט קיין אויסנאַם. אין דער זעלבער לאַגע געפינען זיך די אוקראַינער און מיר, אידן, מיט אונזער אידיש, און ביז ניט לאַנג זיינען אויך די ליטווינער געווען אין דער זעלבער לאַגע. ביי די ווייסרוסן איז די לאַגע

אויסגעדריקט אין דער עקסטרעמסטער פאָרם: זיי האָבן ביז דער לעצטער צייט ניט געהאַט קיין אנדער שיכט, וואָס זאָל רעדן אויף דער ווייסרוסישער שפּראַך.

דער נייַנצעטער יאָרהונדערט, דערהויפּט די צווייטע העלפט פון דעם יאָרהונדערט, האָט געבראַכט א גרויסן שנוי אינם באגריף וועגן פעלקער. פּאַראַלעל מיטן באגריף מלוכה איז אנטשטאַנען א באגריף פון נאציע. נאציעס, וועלכע אנדערע און זיי אליין האָבן ניט גערעכנט פאַר קיין באזונדערן סאָציאַלן אָרגאַניזם, נאָר פאַר א טייל פון א וועלכער ס'איז מלוכה, אין וועלכער זיי וואוינען, האָבן אויפגעוואַכט. זיי האָבן דערשפּירט, אז זיי שטעלן מיט זיך פאָר א באזונדערן אייגנאַרטיגן קאָלעקטיוו, א קבוץ, וואָס קען און דאַרף זיך אנטוויקלען.

איינס נאָכן אנדערן זיינען די אונטערדריקטע פעלקער פון אייראָפּע ארויסגעטראָטן מיט זייערע נאציאָנאַלע פאָדערונגען, האָבן אָנגעהויבן ביי זיך א נאציאָנאַלע באוועגונג. אמשפּעטסטן האָט זיך אָנגעהויבן אנטוויקלען די נאציאָנאַלע באוועגונג ביים ווייסרוסישן פאָלק, א דאנק די אויבנדערמאָנטע ניט גינסטיקע מאָמענטן פון זיין געשיכטע אוןווירקלאכקייט.

ערשט ניט לאנג, סך הכל מיט א יאָר צוואַנציק צוריק, איז א קליין הייפעלע שטודירנדיקע יוגנט פון ווייסרוסישער אָפּשטאַמונג געקומען צו דער איבערצייגונג, אז ס'איז ניט קיין יושר לאָזן דעם ווייסרוסישן פויער און די ווייסרוסישע מאַסן בכלל שמאַכטן אין זייער אָפּגעשטאַנענקייט. ס'איז געשאַפן געוואָרן א ווייסרוסישע נאציאָנאַלע באוועגונג, וואָס האָט געהאַט א סאָציאַליסטישע באַ-

ארבונג. די שאפערס אָבער פון דער ווייסרוסישער באוועגונג זיינען געווען פּאָלאָניזירטע אָדער רוסיפיצירטע אינטעליגענטן און דאָבן אליין ניט געקענט די ווייסרוסישע שפראך.

אנטאָני לוצקעוויטש, דער ערשטער פּאָרזיצער פון דער ווייסרוסישער ראדע אין מינסק און פּאָרזיצער פון ווייסרוסישער דעלעגאציע צו דער שלום-קאָנפערענץ אין פאריז, שטאמט פון א פּאָלאָניזירטער פאמיליע: אין דער היים פלעגט מען ביי זיי ריידן פויליש. דאָסזעלבע איז אויך מיט די אנדערע אָנפירערס פון דער ווייסרוסישער באוועגונג: זיי רעדן פון קינדערשע יאָרן אָן אָדער פויליש אָדער רוסיש. קומענדיק צו דער ווייסרוסישער באוועגונג, האָבן זיי זיך איצט געמוזט אויסלערנען די ווייסרושע שפראך.

די ניט לאנג געשאפענע ווייסרוסישע אינטעליגענץ האָט געהאט פאר זיך זייער א שווערע אויפגאבע: שאפן דעם נאציאָנאלן באוואוסטזיין ביים אָרימען, דערשלאָגענעם ווייסרוסישן פויער. דער ווייסרוסישער פויער האָט א נאציאָנאלן אינסטינקט—ער פילט, אז ער איז עפעס א באזונדערער, נאָר דאָס איז נאָך ניט קיין נאציאָנאלער באוואוסטזיין. פאר דער ווייסרוסישער אינטעליגענץ איז געשטאנען די אויפגאבע צו פארוואנדלען דעם נאציאָנאלן אינסטינקט אין א נאצינאלן באוואוסטזיין.

און דאָס איז זייער א שווערע ארבעט: א הייפעלע יונגוואַרג האָט באדארפט מיט איר ענטוזיאזם באוועגן א אכטמילאָגיקע מאסע, פון וועלכער 80 פראָצ. זיינען געווען אנאלפאבעטן: די הייפעלע יונגע בעל-חלומות האָט געדארפט פון גאָרניט באשאפן א ליטעראטור, אויסארבעטן א שפראך, מיט וועלכער מ׳האָט

זיך זייער וויניק אינטערעסירט: קורץ, פאר די אידעאָ-לאָגן פון דער ווייסרוסישער נאציאָנאלער באוועגונג איז געווע-נען א ריזיקע ארבעט.

די ערשטע רוסישע רעוואָליוציע פון 1905-טן יאָר האָט פאנאנדערגעבונדן די הענט פון די ווייסרוסישע טוערס: ס'האָט זיך באקומען א מעגלאכקייט פון אָפענער, לעגאלער ארבעט. אין ווילנע האָט זיך געעפנט א ווייסרוסישע בוכהאנדלונג, ס'האָט זיך געשאפן א פארלאג ביי דער בוכהאנדלונג, ס'האָט אָנגעהויבן ארויסצוגיין א וואָכנבלאט אונטערן נאָמען „נאשא ניווא". שווער איז געגאנגען די ארבעט: די צארישע רעגירונג האָט געקוקט מיט חשד אויף דער נייער באוועגונג; די ארומיקע, ניט ווייס-רוסישע אינטעליגענץ האָט אין בעסטן פאל באציגן זיך מיט א קאלטער גלייכגילטיקייט צו דער גאנצער באוועגונג. נאָר אָנ-ווייגען אריבער עטלאכע יאָר און אין מינסק הויבט אָן ארויס-צוגיין א צווייטער ווייסרוסישער אָרגאן, אין ווילנע באווייזט זיך א סעגלאכע פוילישע צייטונג אונטערן נאָמען „נאש קראי", וועל-כע שטייט אין גאנץ נאָנטע פריינדלאכע באציהונגען מיט דער ווייסרוסישער באוועגונג, און וועלכע אנערקענט פולשטענדיק אירע פּאָסטולאטן. די ווייסרוסישע באוועגונג באקומט פלייש, בלוט, ביינער, באציט זיך מיט א הויט און באקומט א ממשות-דיקן אויסזען. גרויס איז זי ניט, שטארק איז זי ניט, נאָר זי האָט שוין באוויזן צוציהען צו זיך א ביסל אינטעליגענץ; זי האָט שוין געפונען אַנהייבגערס אין דאָרף, וועלכע זיינען געוועזן די פּיאָנערן פ ן דער ווייסרוסישער באוועגונג צווישן די ווייסרוסישע פויערים.

דאָך זואָלט לאַנג אויסגעקומען צו האַרטן, ביז די ווייס-רוסישע באַוועגונג וואָלט אויסגעוואָקסן אין א קראַפט, מיט וועלכער מ'וואָלט זיך באַדאַרפט רעכענען. נאָר ס'איז אונטערגעשפּרונגען די מלחמה, און אין לעבן פון ווייסרוסלאַנד, ווי אין אַלע געגנטן פון דער געוועזענער רוסישער אימפּעריע, אין פאָרגעקומען א מוראדיקע איבערקערעניש.

אין דער וועלט-מלחמה האָט דער פראָנט צווישן די דייטשן און די רוסן זיך געפונען אויף די ראַנד-געגענטן, בעסער געזאָגט, אין די געגנטן פון דער היסטאָרישער פוילן.

די דייטשן האָבן אויסגענוצט די פסיכאָלאָגיע פון די פעלקער, וועלכע זיינען געווען דער קרבן פון דער וועלט-מלחמה: פּאָליאַקן, ליטווינער, ווייסרוסן, אוקראַינער. זיי האָבן זיך לפנים אָנגענומען זייער קריוודע. רוסלאַנד האָט זיי אונטערדריקט, ניט געלאָזן פריי אָפּאָטעמען—וועט זיי דייטשלאַנד טראָגן פרייהייט אריינפירן קולטור און דערמיט פאַרענטפערן די אָקופּאַציע. אין די אינטערעסן פון דייטשלאַנד איז געווען צו שאַפן צווישן איר און רוסלאַנד א גרויסע מחיצה, כדי זי זאָל זיין באַפרייט פון שטענדיקע שרעק פאַר דער אַגרעסיווער, גרויסער, שטאַרקער רוסלאַנד.

וואָלט געווען געווען געוואָג אויפבויען די היסטאָרישע פוילן—וואָלט זיך דאַמאַלסט אָבער געשאַפן א בייזער שטאַרקער שונא, מיט וועלכן דייטשלאַנד וואָלט, אפשר, נאָך שווערער געווען אויסצוקומען, ווי מיט רוסלאַנד, ווייל די גאַנצע געשיכטע פון פוילן איז אַן אומענדלאַכער קאַמף מיט דער דייטשער פאַרפלייצונג.

האָבן די דייטשן זיך געלאָזן אויף אן אנדער וועג: פראָקלאמירט די פוילישע מלוכה אין פארקלענערטע עטנאָגראפישע גרענִיצן און דערביי געשאפן די ליטווישע מלוכה, שפּעטער די אוקראַינישע, און, האָבן אויך ארויסגערוקט די פראגע וועגן א זעלבשטענדיקע ווייסרוסלאנד.

אין מינסק איז געשאפן געוואָרן א ווייסרוסישע ראדע; דאָס איז נאָך ניט געווען קיין אויסדרוק פון א זעלבשטענדיקער מלוכה, ס׳איז שוין אָבער גענוג געווען, אז ווייסרוסלאנד האָט באקומען א „געזעצלאכע״ פארטרעטונג, וואָס האָט געקענט רעדן אין נאָמען פון דער גאנצער לאנד.

דאָס, וואָס ווייסרוסלאנד איז געלעגן הארט ביי די גרענעצן פון רוסלאנד, האָט אָפגעשטופּט, אפשר אויף א לייגגערע צייט, די פארווירקלאכונג פון א זעלבשטענדיקער ווייסרוסישער מלוכה, מינסק איז אריבער עטלאכע מאָל פון האנט צו האנט, האָט זיך ביי אזא לאגע ניט געקענט שאפן קיין מלוכה־אָנאניזם.

ס׳איז אָבער געשאפן געוואָרן א ווייסרוסישע רעגירונג, הגם אָן א לאנד. אָט די ווייסרוסישע רעגירונג האָט אלע סימנים פון א רעגירונג: זי האָט א מיניסטאָרן־קאבינעט, געזאנדשאפטן אין קאָוונע און בערלין; זי פירט א קאָרעספּאָדענץ מיט מלוכות, וואָס אנערקענען איר, אָדער מאכן זיך איר אנערקענענדיק; זי גיט ארויס פּעסער „אירע״ בירגער, זי ווזירט די פּעסער, און די וויזעס ווערן אָנגענומען. די רעגירונג האָט ניט קיין ממשותדיקע קראפט, זי האָט אָבער א רעאלע באדייטונג; איר עקזיסטענץ

דערמאָנט, אז עס דארף און מוז עקזיסטירן אויך א ווייסרוסישע מלוכה. אין דער געשיכטע זיינען דאָך פאַרגעקומען אזעלכע פאלן ווען רעגירונגען פון שוין עקזיסטירנדיקע מלוכות פלעגן צייט־ווייליק פארלאָזן זייער לאנד, ביז זי פלעגט פריי ווערן פון שונא.

ביי דער פאריזער שלום־קאָנפערענץ איז געווען א ספע־ציעלע שלום־דעלעגאציע פון ווייסרוסישן פאָלק, וועלכע האָט געפרובט שפילן א פאָליטישע ראָליע.

די באָלשעוויסטישע רעגירונג, אונטערן דרוק פון די דע־צענטראליסטישע שטרעבונגען, וואָס האָבן זיך אזוי פארשטארקט אין דער צייט פון דער מלחמה, האָט געשאפן די ווייסרוסישע ראטן־רעפובליק. איר זעלבשטענדיקייט איז אפילו א פיקטיווע, זי איז אינגאנצן אָפהייניגיק פון מאָסקווע, נאָר דאָך איז דער ריגער שלום־טראקטאט אונטערגעשריבן געווארן אויך אין איר נאָמען, הייסט עס, אז פוילן האָט געשלאָסן שלום מיט דער רוסישער ראטן־רעפובליק, מיט דער אוקראינער און מיט דער ווייסרוסישער. ניט לאנג האָט דער קאָמיסאר פאר אויסערן־ענינים פון דער ווייסרוסישער ראטן־רעפובליק זיך געווענדעט מיט א נאָטע צום פוילישן אויסערן־מיניסטער וועגן דעם, אז פוילן פירט ניט אויס דעם ריגער טראקטאט בנוגע ווייס־רוסלאנד.

אין דעם פארשארפטן קאמף, וועלכן ס'האָט געפירט פארן ריגער טראקטאט די פוילישע מלוכה מיט דער רוסישער ראטן־רעפובליק, זיינען אין פוילן געשאפן געוואָרן ווייסרוסישע פאָלקן, און פארשטייט זיך, אז אלס קאָמפענסאציע פאר דער מיליטערי־שער הילף, וואָס עס האָבן געזאָלט טראָגן די ווייסרוסישע פאָלקן,

האָט די ווייסרוסישע זעלבשטענדיקייט געדארפט מער אָדער ווייניקער אנערקענט ווערן.

אין ליטווישן חייל זיינען פאראן די גאנצע צייט ווייס־רוסישע פאָלקן, אין וועלכע די קאָמאנדע פירט זיך אויף דער ווייסרוסישער שפראך.

דאָ ניט לאנג, סוף אָקטאָבער, איז אין פראָג פאָרגעקומען א צוזאמענפאָר פון פאָרשטייערס פון דער ווייסרוסישער ראדע, פון דער ווייסרוסישער רעגירונג און פון פארשיידענע געגנטן פון ווייסרוסלאנד. עס זיינען ניט וויכטיק פאר אונז אלע ההלטות, וואָס דער צוזאמענפאָר האָט אָנגענומען, עס איז אָבער וויכטיק דאָס, אז דער צוזאמענפאָר שטייט מיט ביידע פיס אויף דעם ווייסרוסישן מלוכה־שטאנדפונקט, ד. ה. זיי אנערקענען, אז ווייס־רוסלאנד מוז זיין אן אומאָפהייניגיקע זעלבשטענדיקע רעפובליק.

אזוי ארום האָבן פרעמדע פעלקער אין זייערע אייגענע אינטערעסן מיט א פארשטארקטן טעמפ ארויסגערופן ביי די ווייסרוסן די אידייע וועגן א זעלבשטענדיקע מלוכה. און איז זי שוין איינמאָל אויפגעוועקט און אוועקגעשטעלט געוואָרן אויפן סאָג־אָרדענונג, האָט זי שוין באקומען א וועלכן ס'איז רעאלן אויסדרוק, וועט זי זיך שוין אויף קיין אופן ניט לאָזן איינשלעפערן. דערמיט מוזן זיך רעכענען די אלע, וועלכע האָבן א וועלבע ס'איז שייכות צו די ווייסרוסן.

די איצטיקע פירערס אָבער פון דער ווייסרוסישער מלוכה. אידייע, פארשיכורט פון די געשעהעניש, פארגעסן אָן איין זאך, אז דעם שטארקן שטויס צו זייער באוועגונג האָבן זיי באקומען פון

דר יסן, פון פעלקער, וואָס זיינען זיי אבסאָלוט פרעמד און, אפשר, פיינדלאך צו זייער זעלבשטענדיקער אויפוואכונג. זיי פארשטייען ניט אָדער מאכן זיך ניט פארשטייענדיק, אז יענע, פרעמדע פאר זיי פעלקער, האָבן אויסגענוצט זיי אלס געווער אין קאמף מיטן שונא.

ניט אייביק וועט דויערן די מלחמה, ניט אייביק וועלן עקזיסטירן פאר זיי די צופעליקע גינסטיקע מאָמענטן, עס וועט זיין א מאָמענט, אין וועלכן מען וועט מוזן רעכענען נאָר אויף אייגענע כוחות, אויף אייגענע מיטלען.

מ׳דאדף ניט פארגעסן, אז די אומאָפהייגיקייט פון די קליינע און שוואכע מלוכות, (און ווייסרוסלאנד ביי איר ערשטן אויפבוי קען ניט זיין גרויס און שטארק) איז א פיקציע. די קליינע מלוכה, כדי צו בלייבן זעלבשטענדיק, מוז זיך אָנשפארן אָן א וועלכער ס׳איז גרויסער מלוכה, און ס׳איז פארשטענדלאך, אז איר זעלבשטענדיקייט איז דאמאָלס א פראָבלעמאטישע. זי איז אויף אזוי פיל זעלבשטענדיק, אויף וויפל ס׳וויל עס די גרויסע מלוכה, אָן וועלכער זי שפארט זיך אן.

און ס׳איז בכלל א פראגע, צי פאר קליינע פעלקער איז גינסטיק צו שאפן זעלבשטענדיקע קליינע מלוכות, צי די פראָ־בלעמאטישע זעלבשטענדיקייט אין קליינעם מלוכה־מאסשטאב קען געבן די מעגלאכקייט צו אנטוויקלען פריי אלע כוחות פון פאָלק; אפשר, פארקערט: דער אָנגעשטריינגטער קאמף מיט די קליינע מיטלען, וואָס עס פארמאָגט ניט קיין קליינער פאָלק, וועט איינ־שלייגן אזוי פיל כוחות, אז ס׳וועט ניט בלייבן מער מיט וואָס צו שאפן און אנטוויקלען אנדערע געביטן פון פאָלקס־לעבן.

און פון אלגעמיינעם שטאנדפונקט, פון שטאנדפונקט פון מענטשלאכן פראָגרעס, איז א אומגליק צו פארוואנדלען א גרויסע מלוכה־אָרגאניזאציע אין א סך באזונדערע קליינע זעלבשטענדיקע, אָפּגעריסענע איינע פון די אנדערע, מלוכה־אָרגאניזאציעס. דער צוברעקלען א גרויס לאנד, דער שאפן אין איר שטייגעלאך, וועט פארהאלטן די ווייטערדיקע פרייע אנטוויקלונג און עקאָנאָמישע אויפבליהונג פון די פעלקער, וואָס וועלן זיך געפינען אין די שטייגעלאך. און אויב א וועלכע ס'איז לאנד קען זיך עקאָנאָמיש ניט אנטוויקלען, קען ניט זיין קיין רייד וועגן א אנדער אנט־וויקלונג. אנדערש איז, ווען עטלאכע פעלקער, וואָס פאַרנעמען שכנותדיקע טעריטאָריעס און זיינען פארבונדן צווישן זיך גע־אָגראפיש, היסטאָריש און עקאָנאָמיש, ווי די געגנטן פון דער געוועזענער היסטאָרישער פוילן, פאראייניגן זיך אין איין מלוכה־אָרגאניזם. ביי באשטימטע אומשטאנדן קענען זיי שאפן א גרויסע מלוכה און בלייבן דערביי זעלבשטענדיק אין זייער נאציאָנאלער אנטוויקלונג, ס'ווערן אָפּגעשאפט די גרענעצן, וואָס טיילן אָפּ קינסטלאך איין טעריטאָריע פון דער אנדערער; ס'באקומט זיך די מעגלאכקייט פון פרייער באוועגונג; ס'באקומט זיך א גרויסער עקאָנאָמישער אפאראט, באזונדערע טיילן פון וועלכן ס'שטיצן אונטער איינער דעם אנדערן; ס'באקומט זיך א גרויסע מאכט, וואָס קען זיכערן די רוהיקייט פון די טעריטאָריעס און געבן גרויסע מעגלאכקייטן צו אנטוויקלען זיך די פעלקער, וואָס באַ־וואוינען זיי.

און די מענשהייט שטרעבט אייגנטלאך דערצו, אז ס'זאָלן

אָפּגעשאפּט ווערן אלע קינסטלאכע גרענעצן; אז ס'זאָלן צושטערט ווערן אלע באריערן, וואָס טיילן אָפּ די מדינה פון איין פאָלק פון דער מדינה פון א צווייטן פאָלק; אז גאנץ אייראָפּע זאָל זיך פארוואנדלען אין איין מלוכה, און די איצט עקזיסטירנדיקע מלוכות זאָלן ווערן ניט מער, ווי שטאטן פון איין גרויסער מלוכה, וואָס וועט אָנגערופן ווערן אייראָפּע.

דאָס איז אָבער צוקונפט-מוזיק. אין דער צוקונפט וועט, אפשר, אמאָל אזוי זיין, דערווייל וואָלט געווען וויכטיק, אז ס'זאָלן געשאפן ווערן גרעסערע מלוכות, וואָס זאָלן באשטיין ניט פון איין פאָלק. און אזא גרויסע מלוכה וואָלט געקענט ווערן פון דער היסטאָרישער פוילן.

ס'וואָלט אָבער געהאט א זינען שאפן אזא גרויסע מלוכה נאָר דאמאָלס, ווען פון דער גרויסער מלוכה, קאָנקרעט גערעדט, פון דער היסטאָרישער פוילן, וואָלט געקענט געשאפן ווערן א פרייע מלוכה, וואו אלע פעלקער, וואָס באוואוינען איר, וועלן זיין פולבארעכטיקט, וואו ס'זאָל זיין ניט איין הערשנדיקער פאָלק און די רעשטע אונטערדריקטע.

איך גלויב, אז דאָס קען זיין, ווייל עס ליגט אין די אינטערעסן פון די פּאָליאקן צו שאפן אזא מלוכה.

די געאָגראפישע לאגע פון פוילן איז אזא, אז זי איז פון אלע זייטן ארומגערינגלט מיט גרויסע מלוכות, וואָס באציהען זיך פיינדלאך צו איר. א מלוכה, וואָס זאָל זיך שטענדיק געפינען אין מלחמה-צושטאנד מיט פעלקער פון דרויסן און מיט פעלקער וואָס געפינען זיך אין לאנד, קען ניט עקזיסטירן, און פון צוויי „שלעכ-

טסן״ ווען די פּאָליאקן מוזן אויסקלייבן דאָס קלענערע: א פּרידלאכן צוזאמענלעבן מיט אייגענע בירגער פון ניט פּוילישער אָפּשטאמונג, און פרידלאך ווען זיי קענען לעבן נאָר דאמאָלסט, ווען זיי וועלן ניט וועלן אונטערדריקן.

דער מלחמה־שגעון איז נאָך אזוי גרויס, אז דאָס רוב פּאָליאקן פארשטייען עס נאָך ניט. זיי וועלן דאָס אָבער מוזן פארשטיין. דער לעבן וועט שאפן דעם נויטיקן פארשטאנד. איינציגע פּאָליאקן פארשטייען שוין יע, מיט דער צייט וועלן די איינציקע ווערן דאָס רוב.

אָט, למשל, דער באוואוסטער פּוילישער געלערנטער פּראָפעסאָר באָדוען דע קורטענע אין זיין ארטיקל „די געפילן און דער פארשטאנד פון ווירקלאכקייט״, וואָס איז אָפּגעדרוקט געוואָרן אין 35־טן נומער „טידזיען פּאָלסקי״ פון פאָריגן יאָר, זאָגט פּאָלגנדיגעס:

„מיטל־אייראָפּע און אפשר טאקי גאנץ אייראָפּע—אויף וויפל זי וועט זיך ניט אראָפּלאָזן אין אָפּגרונט פון בארבאריזם און ווילדקייט—מוז גרונטלאך ווערן איבערגעקערט סיי אין צענטראליסטישער, סיי אין דעצענטראליסטישער ריכטונג.

„אזוי למשל, טשעכאָ־סלאָוואקיע מוז צופאלן ווערן אויף באזונדערע געגנטן; דאָס זעלבע אויך יוגאָ־סלאוויע און בכלל אלע אנדערע צענטראליסטישע פּארבאפּערישע, אימפּעראליסטישע מלוכות. אניט וועט אין די כלומרשט אייגנארטיקע מלוכות גליען א פייער פון בירגערלאכער און ניט בירגערלאכער מלחמה אין די־ אָדער יענער פאָרם.

אזוי ווי פוילן געפינס זיך ניט אויפן מארס און ניט אויף דער לבנה, ווער איר אין דער נענטערער אָדער ווייטערער צוקונפט אויסקומען דורכמאכן אַן ענלאכן פּראָצעס פון צענטראַליזאציע און אויטאָנאָמיזאציע פון צוזאמענפעדעריטע געגנטן"

דאָס איז א מיינונג פון איין פּאָליאַק און דערביי נאָך אזא פּאָליאַק, וואָס שטעלט מיט זיך פאָר א זעלטענע דערשיינונג ביי די פּאָליאַקן. נאָר אָט איז אין חודש יולי אין לאָדז פאָרגעקומען א קאָנפערענץ פון די פּ. פּ. ס., און די קאָנפערענץ האָט זיך אוועקגעשטעלט אין דער נאציאָנאלער פראגע אויפן שטאנדפונקט, אז מ'מוז געבן ברייטע אויטאָנאָמיע אזעלכע קאנטן ווי ווייסרוסלאנד און אוקראינע. דאָס איז שוין ניט קיין מיינונג פון א יחיד, נאָר פון א גאַנצע פּארטיי, וועלכע האָט אָנגענומען איר רעזאָלוציע נאָך א רייַ דיסקוסיעס.

אמת, די פּארטיי פּ. פּ. ס. שטעלט מיט זיך פאָר א מינדערהייט אין פוילישן פאָלק און אין פוילישן סיים, נאָר זייער א ווירקנדיקע און אן אקטיווע מינדערהייט, און אויב היינט האָט אָנגענומען איין פּארטיי אזא רעזאָלוציע, קען מאָרגן אָננעמען א צווייטע פּארטיי אַן ענלאכע רעזאָלוציע און אזוי כסדר.

גאָר ניט לאנג האָט אין ווילנע אָנגעהויבן ארויסצוגיין א צייטונג „אָדראָדזעניע" (אויפלעבונג) אָרגאַן פון פוילישן פאָלקספארבאנד „אָדראָדזעניע" אין ליטע. און אָט וואָס ס'ווערט געזאָגט אין לייט־ארטיקל פון דעם אָרגאַן:

„מיר מוזן שטרעבן דערצו, אז אין אונזער קאנט, וועלכער איז באוואוינט מיט פארשיידענע פעלקער, זאָל ניט רעגירן איינע

און זיי לרעה פון די איבעריקע, נאָר אלע מוזן האָבן גלייכע רעכט".

דאָס זיינען דערווייל די ערשטע שוואלבן אין דער פוילי־שער ליטעראטור־געזעלשאפלאכקייט. די ערשטע שוואלבן ברייגגען ניט דעם פרילינג, נאָר זיי דינען אלס א ריכטיקער באוויז, אז דער פרילינג איז שוין נאָנט.

צי איז נויטיק, אז ווייסרוסלאנד זאָל זיך פעדערירן מיט פוילן? פעדערירן מוז זי זיך מיט עמיצן, ווייל די שטחים ערד, וואו די ווייסרוסן האָבן א מערהייט, וועלן פאָרשטעלן מיט זיך א צו קליינע מלוכה און דערביי אזא, וואָס האָט ניט קיין גינ־סטיקע געאָגראפישע לאגע. זי וועט זיך געפינען צווישן צוויי גרויסע מלוכות—דער רוסישער און פוילישער, און וועט האָבן ביי דערזייט אויך די אוקראינישע; קיין ים וועט זי ניט האָבן, ד. ה., זי וועט ניט האָבן קיין פרייע פארבינדונג מיט דער רעשט וועלט, און זי וועט מוזן איינגעשלונגען ווערן דורך איינער פון די מלוכות. כדי דאָס אויסצומיידן, וועט זי זיך מוזן באצייטנס פאר־בינדן מיט איינער פון די מלוכות, און אויב שוין יע בינדן זיך, איז גלייכער פאר איר מיט פוילן. די ווייסרוסן, וועלכע באוואוי־נען די שטחים ערד, וואו זיי זיינען א מערהייט, שטעלן ניט פאָר מיט זיך דאָס גאנצע ווייסרוסישע פאָלק, נאָר א טייל און, אפשר, ניט זייער קיין גרויסן טייל. דער גרעסטער טייל פון ווייסרוּ־סישן פאָלק וועט זיך געפינען אין איין מלוכה נאָר דאמאָלסט, ווען ווייסרוסלאנד וועט זיך פעדערירן מיט פוילן. דעמאָלס וועט נאָר א קליינער פראָצענט בלייבן אין רוסלאנד און א קליינע אין

אוקראינע. פארשטייט זיך, אז אין פּאָליטישן, קולטורעלן און נאציאָנאלן זינען איז פאר א פאָלק גלייכער געפינען זיך אין א גרויסן צאָל אין איין מלוכה, איידער זיין צובּרעקלט אין עטלא־כע. דער שטאנדפונקט מוז גובר זיין אלע אנדערע, ווייל אנדערש הייסט—צוברעקלען דעם ווייסרוסישן פאָלק און איבערלאָזן די צוברעקלטע טיילן דער פולשטענדיקער אסימיליאציע. און אויב די מנהיגים פון ווייסרוסישן פאָלק ווילן, אז ווייסרוסן זאָלן אויסוואקסן אין א גרויס פאָלק, און אויב זיי וועלן וועלן אנטוויקלען זייערע אייגנארטיקע כוחות, וועלן זיי מוזן שטרעבן צו געפינען זיך אין איין מלוכה, און די מלוכה איז פוילן.

פאר אונז אידן וואָלט געווען וויכטיק, אז וואָס מער ווייס־רוסן זאָל זיך געפינען אין פוילן. מיט ווייסרוסן האָבן מיר שטענ־דיק גוט געלעבט. דאָס איז, אפשר, דער איינציקער פאָלק פון דער היסטאָרישער פוילן, וואָס באציט זיך צו אידן מיט א באזונדערע אויפמערקזאמקייט און האלט זיך, ווי גלייכע מיט גלייכע.

אין דעם פּרט האָבן מיר אן אינטערעסאנטן היסטאָרישן דאָקומענט, וועלכער איז דערוויל דער איינציקער אין דער גע־שיכטע. איך רעד וועגן מאניפעסט פון דער ווייסרוסישער רעגירונג, וועלכער איז היינטיגס יאָר פארעפנטלאכט געוואָרן גלייכצייטיק אין צוויי שפּראכן: ווייסרוסיש און אידיש. איך וועל ברייננגען די וויכטיקסטע ערטער פון דעם דאָקומענט:

„דעם 25־טן מארט 1921־טן יאָר איז געוואָרן דריי יאָר זינט דער ווייסרוסישער פאָלק האָט דורך זיינע בעסטע אויסדער־ווילטע אויסגעדריקט זיין פעסטן און הויכן רצון אויף א זעלבסט־

שטענדיקן עקזיסטענץ און האָט פּראָקלאַמירט די אומאָפּהייננגיקע
ווייסרוסישע רעפּובליק.

„ניט ווייניק קרבנות האָט דער ווייסרוסישער פאָלק געבראַכט
אויפן מזבח פון פרייהייט, ניט ווייניק לעבנס זיינען אומגעקומען
אין דעם זיך אָפּפערנדיקן קאַמף פאַר דעם גליק און וואוילזיין
פון פאָלק.

„אָבער ניט איינזאַם איז געווען דער ווייסרוסישער פאָלק
אין זיין קאַמף: האַנט ביי האַנט מיט אים האָט געליטן און געקעמפט
א צווייטער פאָלק—דער גרויסער דורות־ליידנדיקער, אידישער פאָלק,
וועלכער האָט פון הונדערטער יאָרן באַפרוכפּערט די ווייסרוסישע
ערד מיט זיין שוויס, מיט זיינע טרערן און מיט זיין בלוט.

„אָן א מאָס און אָן א ברעג איז געווען דער שפּאָט פון
די אונטערדריקער איבער דער רעליגיע און לעבן פון אידישן
פאָלק. די רוסישע זעלבסט־הערשאַפט האָט נאַיוו געמיינט, אז זי
וועט קענען דעדטרינקען אין די אידישע בלוט דעם כעס פון
פאָלק, וועלכער האָט ניט איינמאָל זיך געריסן איר צו נידער־
שטירצן.

„דער אידישער פאָלק האָט קלאָר פאַרשטאַנען, אז אויף
קיין חסד פון זיינע אונטערדריקערס האָט ער ניט וואָס צו וואַרטן,
ער האָט געוואוסט, אז נאָר אין קאַמף וועט ער זיך דערווערבן
רעכט אויף לעבן און פרייהייט. און דאָס אלץ אנערקענענדיק,
האָבן די אידן אויסגעשטרעקט זייער האַנט זייער אח לצרה—
דעם ווייסרוסישן פאָלק, כדי צו קעמפן פאַר זעלבשטענדיקייט,
און זיי האָבן דאָס פאַרפעסטיקט דורך דעם אקט פון 25־סן מאַרט.

„און עס איז געשען: צוויי סובערענע נאציעס, וועלכע באַוואוינען ווייסרוסלאנד, האָבן זיך פאראייניקט אין איין פאָלק, כדי צו פירן ווייטער דעם קאמפף פאר זייער לאנד, קולטור און מדינה־זעלבשטענדיגקייט".

עס איז נאָך איטערעסאנט אָנצומערקן צוויי פונקטן פון דעם מאניפעסט.

די ווייסרוסישע רעגירונג אנערקענט:

די סובערניטעט פון די נאציעס—פון די ווייסרוסישע און אידישע און זייער פולשטענדיקע פאראייניגונג אין איין הערשנדיקן ווייסרוסישן פאָלק.

די בירגערלאכע גלייכבארעכטונג פון אלע נאציעס, וועלכע וואוינען אין ווייסרוסלאנד אָן אונטערשייד פון גלויבן און א פולשטענדיקע באפרידיקונג פון זייערע רעליגיעזע און קולטורעלע הצטרכוהן.

פארשטייט זיך, אז מיט דער צייט וועלן די ווייסרוסן אליין בייטן זייער שטעלונג אין דער פראגע וועגן סובערניטעט פון פעלקער: זיי וועלן קומען צו דעם איינציקן ריכטיקן שטאנדפונקט, אז מ׳דארף ניט און ס׳קען ניט זיין קיין צווייערליי פעלקער: סובערענע און ניט סובערענע.

אין דעם זעלבן 25־טן מערץ 1921 יאָר איז צווישן דער ווייסרוסישער רעגירונג און דעם אידישן מיניסטער זשיטלאָווסקי אונטערגעשריבן געוואָרן אן אָפיציעלער אקט, וואָס באשטייט פון 7 פונקטן.

1) די צוויי סוווערענע נאציעס, ווייסרוסן און אידן, פאר־אייניקן זיך, כדי צו ארבעטן פאר א דעמאָקראטישער רעפובלק, אין וועלכער די אידן נעמען אין פּאָליטישן לעבן א דאָמינירענדיקע שטעלונג.

2) אין די גרענעצן פון דער רעפּובליק האָבן די אידן גלייכע מלוכה, קולטורעלע און רעליגיעזע רעכט.

3) אין די מלוכה־אמטן געפינען זיך אזוי פיל אידן, וויפל זיי באטרעפן לויטן פּראָצענט אין לאנד.

4) די אידן קענען אויך האָבן אייגענע געריכטן (בית־דין) כדי ערליידיקן צווישן זיך סכסוכים.

5) דער מלוכה־באָדן ווערט אויך פּראָפּאָרציאָנעל פארטיילט צווישן דער אידישער באפעלקערונג.

6) ביידע שפּראכן, די ווייסרוסישע און די אידישע, זייענען גלייכבערעכטיקט. אלע מלוכה־פּאפירן, געלט און מארקעס, ווערן ארויסגעגעבן אין פאָלגנדע 4 שפּראכן: ווייסרוסיש, אידיש, פּויליש און רוסיש.

7) די באציהונגען זיינען געשטיצט אויף קעגנזייטיקן צוטרוי און סכסוכים דארפן אויסגעמיטן ווערן.

די זעלבשטענדיקע ווייסרוסישע רעפּובליק וואָלט צווישן די מלוכות געווען א מין אָאזיס, וואו ס'וואָלטן דערגרייכט געוואָרן די ווייט לויפנדיקע חלומות פון דער מענטשהייט אין פּרט פון נאציאָנאלער פרייהייט. גליקלאכע אָאזיסן קענען אָבער עקזיסטירן נאָר אין דער מדבר, וואו ארום און ארום איז גאָר ניטאָ. אנ־דערש איז, ווען ארום און ארום עקזיסטירן מלוכות מיט אנדערע

אָרדענונגען. וואָלט דאמאָלסט די פרייע ווייסרוסלאנד געמוזט דערשלונגען ווערן.

זייענדיק אָבער א טייל פון א גרויסער מלוכה, וואָלט זי מיט איר פּאָליטיק געקענט ווירקן אויף דער פּאָליטיק פון דער גאנצער מלוכה ווער רעדס, ווען אין דער מלוכה וואָלט עקזיסטירן נאָך א פאָלק, וואָס זאָל זיך האלטן ביי דער זעלבער פּאָליטיק.

און נאָך אזא פאָלק איז גראָד אין פוילן דאָ. דאָס זייגען די אוקראינער.

---

# די אוקראינער.

אוקראינער זיינען א אלט סלאוויש פאָלק, אפשר דאָס עלטסטע סלאווישע פאָלק.

אין IX יאָר־הונדערט טרעטן זיי שוין ארויס, אלס א פאָלק מיט א זעלבשטענדיקער מלוכה, וועלכע האָט באקומען דעם נאָמען „רוס”. די רעזידענץ־שטאָט פון דער מלוכה איז געווען קיעוו, דעריבער רופט מען איר אָפט די קיעווער רוסלאנד.

א גרויסע און גלענצנדיקע מלוכה האָבן באשאפן די סלאווער פון דנעפּר באלד אין אָנהויב פון זייער היסטאָרישער עקזיסטענץ.

א גינסטיקע געאָגראפישע לאגע האָבן זיי געהאט: זיי האָבן באוואוינט דעם האנדלס־וועג, דורך וועלכן סקאנדינאווישע פעלקער האָבן געפירט סחורות אין דער ביזאנטישער אימפעריע און צוריק. טאקע א דאנק דעם הויבן זיי אָן זיך זייער גיך אנטוויקלען און שאפן א גרויסע מלוכה. זייערע שטעט זיינען געווען אייגנטלאך האנדלס־פּאָרטן, וואו עס פלעגן זיך אויפזאמלען פארשיידענע סחורות פון די ארומיקע קאנטן און פון וואנען זיי פלעגן אויף שיפלאך

אָפּגעשיקט ווערן קיין קאָנסטאנטינאפּאָל—די הויפּט שטאָט פון דער ביזאנטישער אימפּעריע.

זיי האָבן געשאפן א גרויסן רייכן האנדלס-קלאס, אין קעגנזאץ צו די פּאָליאקן, און אלע זייערע מלחמה-עקספּעדיציעס זיינען ארויסגערופן געוואָרן צוליב האנדלס-צוועקן: מיט געווער אין האנט האָבן זיי געצוואונגען די ביזאנטישע אימפּעריע אונטער-שרייבן גינסטיקע פאר זיך האנדלס-טראקטאטן.

די זעלבע געאָגראפישע לאגע איז אויך געווען זייער אומ-גליק. זי האָבן זיך געפונען אין סאמע מיטן פון מזרח און מערב-איירָאָפּע און זיי איז אויסגעקומען צו פירן א שטענדיקע מלחמה מיט די נאָמאדן פון אזיע, וועלכע פלעגן פון צייט צו צייט פאר-פלייצן מזרח-איירָאָפּע. פאַרטיידיקנדיק זייער עקזיסטענץ, האָבן זיי גלייכצייטיק פארטיידיקט מערב-איירָאָפּע פון דער געוואלדיקער צרה. און לסוף האָבן זיי אָנגעוואָרן זייער זעלבשטענדיקייט, ווען עס האָבן אין XIII יאָר-הונדערט פון אזיע איינגעוואנדערט קיין איירָאָפּע גרויסע מחנות פון, אזוי גערופענע, טאָטערן. זיי האָבן געראטעוועט איירָאָפּע און אליין געפאלן אלס א קרבן.

עס זיינען געקומען די ליטווינער מיט א שטארקע מיליטא-ריסטישע מאכט און האָבן זיי באפרייט פון די טאָטערן. נאָר אנשטאָט איין האר האָבן זיי באקומען א צווייטן: אנשטאָט דעם טאָטערישן כאן, איז געוואָרן א בעל-הבית אויף זיי, ווי אויף ד. ווייס-רוסן, דער ליטווישער גרויסער קניאז.

פון דאמאָלסט אָן קענען די קיעווער רוסן קיין תחית-המתים נישט אויפשטיין און צוריק ווערן א זעלבשטענדיקע פאָלק.

דער געפיל אָבער פון זעלבשטענדיקייט איז ביי זיי ניט אטראָפירט געוואָרן אינגאנצן, און זיי פלעגן זיך אָפט בונטעווען קעגן זייערע אונטערדריקערס. די אויפשטאנדן פון די קאָזאקן, היידאמאקן זיינען געווען פראָטעסטן קעגן זייער פארשקלאפונג.

צוויי זעלבסשטענדיקע מלוכות האָבן געשאפן די מזרח־סלאווישע פעלקער: איינע די עלטערע—די קיעווער רוסלאנד, וועלכע איז נאָך א פאָר הונדערט יאָר גלענצנדיקער עקזיסטענץ אונטער־געגאנגען אלס זעלבסשטענדיקע מלוכה, און די צווייטע—מאָסקווער רוסלאנד, וועלכע עקזיסטירט עד היום.

די מאָסקווער רוסלאנד רופט מען איצט רוסלאנד. זי טראָגט אייגנטלאך דעם אלטן נאָמען וועלכן ס׳האָבן צום ערשטן מאָל באקומען די סלאוון פון דניעפר. די זייטיקע יורשים פון אלטן נאָמען, די רוסן פון דער מאָסקעווער מלוכה, האָבן זיך אליין א נאָמען געגעבן „גרויס־רוסן״

און ווען די גרויס־רוסן הויבן אָן זייער געשיכטע ביים דניעפר, אין דער קיעווער רוסלאנד, שרייבן זיי זיך אייגנטלאך צו דאָס, וואָס ס׳געהערט ניט זיי, נאָר זייער קרובדיקן פאָלק, די דירעקטע יורשים פון די קיעווער רוסן, וועלכע די גרויסע רוסן רופן אָן קליין־רוסן.

די קיעווער רוסן האָבן ניט נאָר אָנגעוואָרן זייער מלוכה־עקזיסטענץ, נאָר אויך זייער נאָמען: דער שטארקע קרוב האָט דאָס אויך צוגענומען, און זיי האָבן ניט קיין קלאָרן, דייטלאכן נאָמען, ווי עס האָבן פּאָליאקן, דייטשן א. א. וו.

זי געזאָגט, רופן די איצטיקע רוסן זיי קליין־רוסן, זיי אליין רופן זיך איצט אָן גערן אוקראינער. און דעם נאָמען האָבן אויך ניט זיי אליין געשאפן, נאָר פּאָליאקן, אויב איך האָב ניט קיין טעות, אין XVI יאָר־הונדערט, ווייל זיי האָבן באוואוינט די ראנדן פון דער פּויליש־ליטווישער מלוכה.

די אוקראינער האָבן נאָך א פּאָלקסטימלאכן נאָמען: „כאָכאָל", וואָס איז געוואָרן א זידל־וואָרט. די דייטשן רופן זיי אָן רוטענער, אלס אונטערשייד פון רוסן; די גאליציאנישע אוק־ראינער ווערן אנדערש גערופן רוסינער.

זיי אליין, ווי געזאָגט, רופן זיך איצט אָן אוקראינער, און ביי דעם נאָמען מוזן מיר זיך האלטן.

די אוקראינער אין זייער געשיכטע האָבן איבערגעלעבט פארשיידענע גלגולים: געווען א פאָלק מיט א זעלבסשטענדיקע מלוכה, געווען אונטער דער הערשאפט פון די טאָטערן, פון דער ליטווישער מלוכה, נאָכדעם פון פּויליש־ליטווישער און לעצטנס אונטער דער רוסישער און עסטרייכישער הערשאפט.

די מלחמה האָט געמאכט א שנוי אין גורל פון די אוק־ראינער. די דייטשן האָבן זיי אויך אויסגענוצט צו זייערע צוועקן און געשאפן א כלומרשט—זעלבסשטענדיקע מלוכה, מיט דעם גענעראל סקאָראָפּאצקי בראש, אלס העטמאן.

איצט איז דאָס צאָלרייכע אוקראינישע פּאָלק, וועלכע ציילט העכער 40 מיליאָן נפשות און פארנעמט גאנץ דרום און מזרח און מיטל־אייראָפּע, פון די קארפּאטן ביז קאווקאז, צו־טיילט געוואָרן אין פארשיידענע מלוכות: דער גרעסטער טיילגע־

פינט זיך אין רוסלאנד ז.ן בילדעט מיט זיך ד״, אזוי גערופענע אוקראינישע ראטן־רעפובליק, א טייל געפינט זיך אין פוילן; ס׳זיינען נאָך פאראן אוקראינער אין רומעניע, טשעכאָ־סלאָוואקיע און אונגארן.

אונז קענען אינטערעסירן די אוקראינער, וואָס זיינען פאר־בליבן אין פוילן.

אין פוילן געפינען זיך די אוקראינער אין גאליציע (הע־כער 40 פראָצענט פון דער גאנצער באפעלקערונג), וואָלין (80 פראָצענט פון דער גאנצער באפעלקערונג), פאָדאָליע, זיין כעלמער, לובלינער, סעדלעצער און גראָדנער גובערניעס. די אוקראינער פון גאליציע זיינען מער באוואוסטזיניק אין נא־ציאָנאלן זינען.

נאָכן ערשטן צוטיילן פון פוילן, איז גאליציע אריבער צו דער עסטרייכישער מלוכה, און די אוקראינער פון גאליציע האָבן געהאט מער גינסטיקערע באדינגונגען פאר דער אנטוויקלונג, ווי זייערע ברידער, וועלכע זיינען ארונטערגעפאלן אונטער דער רוסישער מאכט. די פאָליטישע באדינגונגען זיינען אין עסטרייך געווען גאָר אנדערע, ווי אין רוסלאנד, און דערצו נאָך האָט די עסטרייכישע רעגירונג, צוליב אירע אייגענע צוועקן, געוועקט דעם נאציאָנאלן באוואוסטזיין פון די אוקראינער אין גאליציע, כדי צו האָבן א עלעמענט, אויף וועלכן מ׳זאָל זיך קענען אָנ־שפארן אין קאמף מיט די פאָליאקן.

נאָר ניט אזוי גיך האָט זיך איינגעגעבן צו אויפוועקן דעם באוואוסטזיין פון פארשקלאפטן אוקראינישן פאָלק. די

אוקראינער, ווי די ווייסרוסן און ליטווינער פון דער געוועזענער פויליש־ליטווישער מלוכה, זיינען געווען א פויערים—פאָלק. אין גאליציע, ווי אין דער היסטאָרישער ליטע, זיינען די נאציאָנאלע קעגנזעצלאכקייטן געגאנגען האנט ביי האנט מיט די סאָציאלע: דער פארשקלאפטער פויער איז געווען א אוקראינער, און דער גוטס־באזיצער איז געווען א פאָליאק, אָדער א פאָלאָניזירטער אוקראינער.

ס׳האָט געדארפט אוועק א סך צייט, איידער ס׳האָבן זיך באוויזן וועלכע עס איז סימנים פון א זעלבסבשטענדיקער אוקראאינישער באוועגונג. איצט אין די 30־קער יאָרן פון פאָריקן יאָר־הונדערט, האָט זיך געבילדעט אין לוואָוו, אין גלחים־סעמינאריע, א קרייז, וועלכער האָט זיך געשטעלט פאר א ציל אויפהויבן דעם באוואוסטזיין פון אוקראינישן פאָלק, צו קעמפן קעגן פאָלאָניזאציע, צו שאפן א ליטעראטור אין דער אוקראינישער שפראך א. א. וו. זיי האָבן באשלאָסן, אז די רעדעס זייערע אין די קירכן זאָלן זיי פירן אין דער אוקראינישער שפראך. זייער באשלוס איז אָבער געבליבן אין אָנהויב, אין דעם הינזיכט, אויפן פאפיר, ווייל זיי אליין האָבן ניט געקענט די אוקראינישע שפראך.

ווען דער ראש פון דעם קרייז, שאשקעוויטש, איז צום ערשטן מאָל ארויסגעטראָטן מיט א רעדע אין קירכע, איז אים ווייניק וואָס געלונגען צו זאָגן, ווייל ס׳האָבן אים פשוט געפעלט ווערטער—נאָך 5 מינוט ניט געלונגענע ווייד, איז ער אראָפּ בחרפה פון בימה.

שאשקעוויטש און זיין קרייז זיינען געווען די ערשטע

שוואלבן פון דער אוקראַיניש'ער אינטעַליגענץ, נאָך וועלכע עס האָבן זיך באוויזן אַ סך.

ווי ווייט ס'איז געווען שווער דער פּאָלאָניזירטער אוקראַי־נישער אינטעליגענץ צוריקקערן צו איר פּאָלק, קען מען זען דערפון, אז נאָך אין די פופציקער יאָרן קלאָגט זיך דער פּוי־ליש־אוקראַינישער שרייבער עדזאם איזאפּאָלסקי אויף זיין ניט קענען די אוקראַינישע שפּראך אין זיין ביכל: „דאָס ליד פון די אוקראַינישע לידער", וואָס איז אָפּגעדרוקט געוואָרן אין פּוילישן אין יאָר 1858. אין דער הקדמה צו זיין ביכל זאָגט ער:„ ניט קוקנדיק אויף דעם, וואָס איך בין געבוירן אַ אוקראַינער, וואָס איך בין מיט מיין גאנצן הארץ און נשמה אַ קאָזאַק פון זיידן און עלטער־זיידן; ניט קוקנדיק אויף דעם, וואָס זייענדיק דורכגעדרונגען מיטן געדאנק צו פארבינדן זיך מיט די לידער, מעשה'לעך און משלים פון אוקראַינישן פאָלק; ניט קוקנדיק אויף דעם, וואָס איך האָב מיינע גאנצע יאָרן געשטרעבט צו באקומען די נויטיקע געוואוינהייטן און קענטעניס אין דער אוקראַינישער פאָלקס־שפּראך,—דאָך האָב איך ניט געקענט דאָס דערגרייכן און אָפּטרייסלען זיך פון דער ווירקונג, וועלכע האָט מיר געפּענטעט פון די קינדערשע יאָרן, אין די שול־יאָרן אין די חברשע קרייזן, צווישן וועלכע איך האָב געלעבט. איך האָב זיך אויסגעפּרובירט צום הונדערטן מאָל און האָב געמוזט לסוף קומען צו דער איבערצייגונג, אז מיין געדאנק לאָזט זיך ניט אויסדריקן אין דער אוקראַינישער שפּראך".

די אוקראַינישע באוועגונג, איינמאָל אַ אויפגעלעבטע, האָט

זיך אָבער שוין ניט געקענט אָפּשטעלן און זי האָט טריט ביי־טריט דערוואָרבן מער אָנהייגערס, סיי צווישן דער אינטעליגענץ און אדל, סיי צווישן די באַפּרייטע פּויערים.

צום ענדע 19־טן און אָנהייב 20־טן יאָרהונדערט האָבן די אוקראַינער אין גאַליציע שוין געהאַט אייגענע פאָלקס־שולן, גימנאַזיעס, 6 קאַטעדרען אין פּוילישן לוואָווער אוניווערסיטעט, אויף וועלכע די לעקציעס זיינען געלייענט געוואָרן אויף אוקראַ־איניש; זיי האָבן שוין געחלומ׳ט וועגן א פולשטענדיקן אוקראַינישן אוניווערסיטעט און האָבן געקעמפט מיט דער פּוילישער מאכט אין גאַליציע פאר זיין פארוויקלאכונג; זיי האָבן שוין געהאַט א אייגענע אוקראַיניש־וויסנשאַפטלאכע געזעלשאַפט, א מין וויסנשאַפטלאכע אקאַדעמיע; א שטארק פארצווייגטע געזעל־שאַפט צו פאַרשפּרייטן בילדונג אין אוקראַינע, אונטערן נאָמען: „פּראָסוויטא", וועלכע האָט געהאַט אין גאַנץ גאַליציע אירע אָפּ־טיילונגען; זיי האָבן געהאַט אייגענע צייטונגען, זשורנאַלן, פאר־לאַגן א. א. וו.

די פּוילישע מאכט האָט ניט גערן געקוקט אויף דאָס אויפ־וועקן זיך פון באַוואוסטזיין ביים אוקראַינישן פאָלק; און די גע־שיכטע פון דער אוקראַינישער באַוועגונג אין גאַליציע שטעלט מיט זיך פאָר אַן אומהויפערלאכן קאמף מיט דער פּוילישער מאכט, וועלכער האָט געהאַט זיינע אינטערוואַלן: א מאָל אין געגאַנגען דער קאמף מיט א פאַרשטאַרקטן טעמפּ, א מאָל מיט א פאַרשוואַכטן, אָפּהייגיג דערפון, ווי ס׳האָט זיך באַצויגן די צענטראַלע עסטרייכישע מאכט צו דער אוקראַינער באַוועגונג.

אין קאמף פאר זייערע נאציאָנאלע רעכט האָבן די או־קראינער זיך ניט אָפגעשטעלט פאר טעראָר און דירעקטן קאמף מיט געווער אין האנט. ס׳איז גוט באקאנט דער פאָגראָם, וואָס ס׳האָבן איינגעאָרדנט די אוקראינער סטודענטן אין לוואָווער אוניווערסיטעט, בערך מיט א יאָר צוואנציק צוריק; ס׳איז באַוואוסט דער אטענטאט פון א אוקראינישן סטודענט אויפן נאַמעסטניק פון גאליציע, גראף פאָטאָצקי; ס׳איז נאָך פריש אין זכרון דאָס פארכאפן די מאכט דורך די אוקראינער, מיט געווער אין האנט, אין מזרח־גאליציע נאָך דער דייטשער רעוואָלוציע; און לסוף דער אטענטאט פון פעדאקן אויפן מלוכה־שעף פילסודסקי.

די אוקראינער זאָגן זיך אויך ניט אָפּ פון אויסנוצן די אינטערנאציאָנאלע כוחות לטובת זייערע אינטערעסן, און, א דאנק זייערע באמיהונגען, שטייט די פראגע פון מזרח־גאליציע אויפן סדר־היום פון דער פעלקער־ליגע.

אין קומענדיקן סיים, צו וועלכן ס׳וועלן שוין האָבן רעכט צו וויילן אלע קאנטן, וועלכע זיינען פאראייניקט געוואָרן מיט פוילן, לויטן ווערסאלער און ריגער טראקטאטן, וועלן די או־קראינער מיט זיך פאָרשטעלן א באדייטנדיקע קראפט: זיי וועלן האָבן א גענוגנדיקן צאָל דעפוטאטן, לויטן פראָצענט פון דער באפעלקערונג און געניטע אָנפירערס אין פּאָליטישן קאמף.

די אוקראינער פון גאליציע אין דער עסטרייכישער מלוכה האָבן דורכגעמאכט א באשטימטע פּאָליטישע שול: זיי ווייסן שוין, וואָס ס׳הייסט פארלאמענטארישער קאמף; זיי האָבן שוין אין ווינער פארלאמענט אויסגעלערנט די פארלאמענטארישע וועגן, וועלכע

פירן צום זיג; זיי וועלן שוין זיין ניט קיין לער־אינגלאך, וועלכע דארפן נאָך לערנען דעם אלף בית פון פארלאמענטאריזם.

אמת, חוץ די דעפוטאטן פון גאליציע וועלן נאָך זיין דע־פוטאטן־אוקראינער פון די געגנטן, וועלכע האָבן געהערט צו רוס־לאנד. די אוקראינער זיינען זייער אָפגעשטאנען און פּאָליטיש ניט רייף, נאָר די אוקראינער פון גאליציע וועלן זיין זייערע מורי־דרך און זיי וועלן אלע אוקראינער־דעפוטאטן פארבינדן אין איין שטארקער גרופּע.

די גאליציאנער אוקראינער שיידן זיך אפילו אָפּ פון די אוקראינער פון געוועזענעם רוסלאנד מיט דער רעליגיע: די או־קראינער פון גאליציע זיינען אוניאטן, ד. ה. פון גריכיש־קא־טולישן גלויבן, און די אוקראינער פון די געוועזענע געגנטן פון רוסלאנד זיינען פון פראוואָסלאווגעם גלויבן; נאָר אלע אוקראינער זיינען געבונדן מיט איין שפראך און טראדיציעס, און דאָס איז דער שטארקסטער פארבאנד.

די פראגע וועגן די אוקראינער, איבערהויפּט וועגן מזרח־גאליציע, איז שוין אוועקגעשטעלט אויפן טאָג־אָרדענונג פון דער פרעסע און געזעלשאפטלאכקייט. א דאנק דעם, גייט זי ניט אראָפּ פון טאָג־אָרדענונג אויף די זיצונגען פון דער פעלקער־ליגע.

אין דער פעלקער־ליגע איז די פראגע 3 מאָל באהאנדלט געוואָרן: צום ערשטן מאָל אין דעצעמבער 1920 יאָר, נאָכדעם ווי די פעלקער־ליגע האָט באקומען פון פרעזידענט פון דער או־קראינישער רעגירונג אָן א לאנד—פּעטרושעוויטש, א מעמאָריאַל,

אין וועלכן ס'זיינען מאָטיווירט געוואָרן די פאָדערונגען פון די אוקראַינער; אין פעברואר מאָנאט 1921 יאָר, נאָכן באקומען א קאָמוניקאט פון דער אוקראַינער ראַדע, און לעצטנס דעם 13-טן סעפטעמבער 1921 יאָר. דאָס מאָל האָט די פראגע פון מזרח-גאליציע אויפגעהויבן דעגערטי, דער פאָרשטייער פון דער קא-נאדער רעגירונג, אונטער דער השפעה פון די אוקראַינער, וועל-כע וואוינען אין קאנאדע.

דער ארויסטריט פון דעגערטי אין דער פעלקער-ליגע און דער אטענטאט פון פעדאקן אויפן מלוכה-שעף, וועלכער איז פאָרגעקומען דעם 25-טן סעפטעמבער 1921 יאָר, האָט שטארק באַרירט די געזעלשאפטלאכע מיינונג פון פוילן, און די פראגע פון מזרח-גאליציע האָט מען אָנגעהויבן ערנסט צו באהאנדלען.

די ערשטע, וועלכע זיינען ארויסגעטראָטן מיט א קלאָרן ענטפער אויף דער אָנגעווייטאָקטער מזרח-גאליציאנישער פראגע, זיינען געווען די פ. פ. ס-אָווצעס. שוין אויפן 18 קאָנגרעס פון דער פארטיי, וועלכער איז פאָרגעקומען אין לאָדז, אין יולי מאָנאט פאָריקן יאָר, איז אָנגענומען א באשלוס צו באפולמעכטיקן דעם פארבאנד פון די פוילישע סאָציאליסטן, סיים-דעפוטאטן, ארייג-טראָגן אין סיים א פראָיעקט פון אווטאָנאָמע מלוכה-איינריכטונ-גען פאר די טעריטאָריעס פון דער פוילישער רעפובליק, וועלכע האָבן א געמישטע באפעלקערונג אָדער אין וועלכע די מערהייט זיינען ניט פאָליאקן.

דער באשלוס, ווי ס'ווייזט אויס, איז געבליבן אויפן פאפיר. די געשעענישן פון סעפטעמבער מאָנאט האָבן געגעבן א שטויס

די פּעפּעסאָוצעס צו מאכן קאָנקרעטע שריט אין דעם ענין.

אין „ראָבאָטניק" פון 20-טן אָקטאָבער איז אָפּגעדרוקט געוואָרן א לייט-ארטיקל פון ה׳ ניעדזיאלקאָווסקי אונטערן נאָמען: „די פראגע פון מזרח-גאליציע".

אין דעם ארטיקל גיט ניעדזיאלקאָווסקי א באגרינדעטן פּראָיעקט פון אווטאָנאָמיע פאר מזרח-גאליציע.

דער ארטיקל האָט ארויסגערופן פון איין זייט א שטורעם פון פּראָטעסטן, סיי אין דער פּרעסע, סיי אויף די פארשיידענע מיטינגען מצד די רעכטע עלעטענטן פון פוילישן פאָלק, איבער-הויפּט פון די נאראָדאָווצעס-דעמאָקראטן, און פון דער אנדערער זייט ניט ווייניק סימפּאטיעס ביי אנדערע ריכטונגען. די פּעפּעסי-שע פּארטיי האָט אויפגערופן א ספּעציעלע זיצונג פון פּארטיי-ראט, כדי צו באהאנדלען די פראגע. דעם 30-טן אָקטאָבער איז די זיצונג פאָרגעקומען. אין דער רעזאָלוציע, וועלכע איז אָנגע-נומען אויף דער זיצונג, איז וויכטיק פאָלגנדיקער טייל:

„די פּ. פּ. ס. געפינט, אז, ביי איצטיקע באדינגונגען איז דער איינציקער וועג צו רעגולירן די אוקראאינישע פראגע אין דער פוילישער רעפּובליק און צו איינשטעלן נאָרמאלע באציהונגען אין די דרום-מזרח-קאנטן פון פוילן,—געבן א טעריטאָריאלע אווטאָ-נאמיע פאר די אלע קאנטן, וואו די מערהייט זיינען אוקראאינער, ד. ה. אין מזרח-גאליציע, וואָלין און אין די דרום׳דיקע פּאָוויאטן פון פּאָלעסיע".

ניט אלע אָנהייגערס פון אווטאָנאָמיע פאר די אוקראאינישע געגנטן זיינען מסכים מיטן גאנצן פּראָיעקט פון די פּ. פּ. ס.

וועגן דער טעריטאָריאלער אווטאָנאָמיע. אָט, למשל, לודוויק קולטשינסקי, דער לאנגיעריקער סאָציאליסט און איצט, ווי ס׳שיינט, בירגערלאכער דעמאָקראט, שטעלט אוועק די פראגע פון אווטאנאָמיע א ביסל אנדערש. אין זיין ארטיקל, וואָס איז אָפּגעדרוקט אין וואָכן־בלאט „טידזיען פּאָלסקי״, זאָגט ער, אז טעריטאָריאלע אווטאָנאָמיע קען ניט אלעמען באפרידיקן. ער לייגט פאָר א געמישטן פּראָיעקט: אין די געגנטן, וואו די אוקראינער האָבן א גרויסע מערהייט, זאָל איינגעפירט ווערן א טעריטאריאלע אווטאָנאָמיע; אין די געגנטן, אין וועלכע די אוקראינער האָבן א ניט קיין באדייטנדיקע מערהייט, אָדער א בעדייטענדע מינדערהייט, זאָל איינגעפירט ווערן א פערסאָנאל־נאציאָנאלע אווטאָנאָמיע.

ער זאָרגט ניט פאר די אוקראינער, ער האָט נאָר מורא, אז אין דער גרויסער אווטאָנאָמער אוקראינישער לאנד וועלן אונטערדריקט זיין די פּאָליאקן אין זייערע נאציאָנאלע אינטערעסן.

אזוי צו אזוי, די פראגע איז פעסט אוועקגעשטעלט געוואָרן אויפן טאָג־אָרדענונג, און פריער אָדער שפּעטער וועט זיך באקומען אן ענטפער.

אינטערעסאנט איז דאָס, אז אין די אומצייליקע ארטיקלען וועגן דער פראגע אין דער פּוילישער פּרעסע און אין די ארויסטרעטונגען אויף מיטינגען, איז קיין איינציק וואָרט ניט דערמאָנט געוואָרן וועגן אידן, אזוי ווי אידן וואָלטן גאָר ניט עקזיסטירט אין די געגנטן, פאר וועלכע מ׳וויל שאפן א אווטאָנאָמיע. ס׳איז דאָ א אוקראינישער שפּריכוואָרט: „דיטיא ניע פּלאטשע, מאטי ניע טשויע״—דאָס קינד וויינט ניט, הערט ניט די מוטער.

אין דער אידישער פּרעסע, וועלכע דאַרף געבן די אָפּ־שפּיגלונג פון דער אידישער געזעלשאַפטלאכקייט, איז די גאנצע פראגע לחלוטן ניט דערמאָנט געוואָרן, חוץ אפשר עטלאכע נאָ־טיצן, וועלכע גיבן איבער „נייס פון דער וועלט".

אין דער אוקראַינישער פּרעסע דערמאָנט זיך יע וועגן אידן, און איך וויל ברייננען כאראקטעריסטישע ווערטער פון לייט־ארטיקל, וועלכע איז אָפּגעדרוקט געוואָרן אין לעמבערגער „אוקראַינסקי גאָלאָס" פון 2־טן אָקטאָבער 1921 יאָר. דער אר־טיקל הייסט: „צי איז מעגלאך א שלום?" און ענדיקט זיך מיט פאָלגנדיקע ווערטער:

„מיר ווילן שלום מיט די פּאָליאקן, נאָר אזא שלום, וועלכע זאָל ביי אונז ניט אָפּנעמען די רעכט פון פולשטענדיקע זעלבסט־באשטימונג. מיר ווילן אויך שלום מיט די פּאָליאקן און אידן, וועלכע וואוינען צווישן אונז. א פלאן פון אזא שלום איז שוין פאַרגעלייגט געוואָרן דורך דער אוקראַינישער רעגירונג. אָט וועגן דעם פלאן פון דריי סוווערענע פעלקער פון מזרח־גאליציע קען גערעדט ווערן, אזעלכע אונטערהאנדלונגען ווילן מיר שוין אָנהויבן, צו אזא שלום ציען מיר אויס די הענט צום פּוילישן און אידישן פאָלק, ווייל מיר זיינען איבערצייגט, אז אויפריכטיקע אונטער־האנדלונגען אויף דער פלאטפאָרמע קענען ברייננען צו דער אויפ־בויאונג פון מזרח־גאליציע, ווי א לאנד פון דריי פעלקער".

דאָס איז ניט בלויז אן אָפּגעריסענע שטימע פון איין צייט־טונג, נאָר דער זעלבער געדאנק האָט הינטער זיך א סך אָנהייני־גערס, ווי ס'איז ארויסצוזעהן פון מעמאָריאל, וואָס א „זאויסגע

ארבעט געוואָרן דורך דער, אזוי גערופענער, רעגירונג פון פעטרושעוויטשן, און צוגעשטעלט געוואָרן צו דער זיצונג פון דער פעלקער-ליגע אין זשענעווע.

מיר ברייגגען דאָ די וויכטיגסטע אויסצוגן פון דער מעמאָ-ריאל, וואָס איז געווען געדרוקט אין ביאליסטאָקער „דאָס נייע לעבן" (№ 158) פ. י.:

„די נאציאָנאליטעטן, וואָס ווערן אנערקענט פון דער מלוכה, זיינען: אוקראאינער, פּאָליאקן און אידן, וועלכע געניסן אין עפנט-לאכן לעבן פון אלע רעכט.

די מלוכה-פאָרם איז א רעפּובליקאנישע.

די געזעצגעבערישע מאכט ווערט אויסגעפירט דורך א פאָרשטייערשאפט, אויסגעקליבן דורך דער גאנצער באפעלקערונג אויפן סמך פון 5-פאכיגן וואל-מאָדוס.

די דעפּוטאטן פון דער פאָלקס-פארזאמלונג ווערן געקליבן אויף 5 יאָר צייט, לויטן נאציאָנאליטעטן-פּרינציפּ, ד. ה. איטלאכע פון די דריי נאציעס קלייבט אליין אויס אירע דעפּוטאטן, און די נאציאָנאלע מעוטים קלייבן אלע צוזאמען.

די פאָלקס-פארזאמלונג קלייבט אויס פון זיך א פרעזידענט און 4 וויצע-פרעזידענטן. דער פרעזידענט מוז זיין א אוקראאינער, און וויינינגסטנס איין פרעזידענט מוז זיין א פאָליאק און איינער א איד.

דער פאָלקס און מיטל-שול-וועזן דארף אָרגאניזירט ווערן סעפּאראט פאר אלע דריי נאציעס. דער למוד-שפּראך אין די אלע שולעס דארף פאָרקומען אין דער מוטער-שפּראך פון די תלמידים.

יי אָפיציעלע אינערלאכע שפראך אין אלע אמטן איז אוקראיניש, אלס אויסערלאכע אין פערזענלאכע און שריפטלאכע באציהונגען—זיינען גילטיק אוקראיניש, פויליש און אידיש.״

פאר דער מלחמה איז די באציהונג פון די אוקראינער צו אידן געווען אן אנדערע. אין קאמף, וועלכן ס׳האָבן געפירט די אוקראינער און גאליציע מיט די פאָליאקן, האָבן אידן געקענט בויגן די וואָגשאָל אין דער אָדער יענער זייט. פאר דער מלחמה האָבן אידן אָפט געהאלטן דעם צד פון די פאָליאקן.

דער קאמפף פאר דער נאציאָנאלער זעלבשטענדיקייט האָט ארויסגערופן ביי די אוקראינער א שאָוויניסטע שטרעבונג. די אוקראינער זיינען א פויערים-פאָלק. שטרעבנדיק זיין זעלבשטענ-דיק, ווילן זיי באשאפן זייער אייגענעם סוחרים-קלאס און בכלל זייער מיטל-קלאס, און דאָ שטייט אויפן וועג דער איד. און די אוקראינער האָבן צום ערשטן מאָל אין 1913-טן יאָר פראָקלא-מירט דעם לאָזונג „סוואָי דאָ סוועגאָ״.

דער לאָזונג איז אונז באקאנט פון פוילישן לעבן.

די פאָליאקן האָבן דעם לאָזונג אָנגעווענדעט ספּעציעל בנוגע צו אידן. אָט דעמזעלבן לאָזונג בנוגע צו אידן האָבן גע-פּרובט אָנווענדן אויך די אוקראינער.

ער איז צום ערשטן מאָל, אויף וויפל איך ווייס, פראָקלאמירט געוואָרן אין קאלענדאר פון „פּראָסוויטא״ אין 1913-טן יאָר. דער ארטיקל, אין וועלכן ס׳איז פאָרמולירט געוואָרן דער לאָזונג, איז געשריבן געוואָרן אין אן איינגעהאלטענעם שעמעוודיקן טאָן. דער מחבר באמיט זיך צו ווייזן, אז דער לאָזונג ביי זיי איז נישט

געצילט קעגן וועמען ס'איז, נאָר זיי ווילן נישט זיין איינגעשלונ־
גען דורך שטארקערע פעלקער.

אין דעמזעלבן 1913־טן יאָר זיינען אין ווייסרוסישן וואָכנ־
בלאט „נאשא ניווא", וואָס איז ארויסגעגעבן געוואָרן אין ווילנע,
געווען אָפּגעדרוקט עטלאכע ארטיקלען וועגן דער עקאָנאָמישער
ראָלע פון אידן אין ווייסרוסלאנד. דער לייט־מאָטיוו פון די אר־
טיקלען איז דער, אז דער איד, דער סוחר, דער איד דער
בעל־מלכה, איז נישט ווייניקער א נוצלאכער עלעמענט, ווי דער
ערדארבעטער, און דער איד און דער פויער זיינען איינער דעם
אנדערן נוציק און נויטיק. דער איד קען זיך נישט באגיין אָן
פויער, קען זיך אויך דער פויער נישט באגיין אָן אידן.

צו אזא שטאנדפונקט איז דער אוקראינער, אין גאליציע
ווייניגסטנס, פאר דער מלחמה נישט דערגאנגען.

איצט איז די לאגע א ביסל אנדערש.

לויטן פריער ציטירטן ארטיקל אין דער אוקראינישער
צייטונג, לויטן אינהאלט פון מעמאָריאל פון פעטרושעוויטשעס
„רעגירונג" און לויט דער באגריסונג פון אוקראינישן פאָר־
שטייער סלאווינסקי אויפן 12 ציניסטשן קאָנגרעס אין קארלס־
באד, וועלכע מיר ברייגגען ווייטער, איז צו זען, אז די פירערס
פון אוקראינישן פאָלק שלאָגן זיך איצט על חטא פאר די זינד
פון די פינסטערע מאסן, און אפשר דעם פארברעכערישן, דעמאָ־
ראליזירטן טייל פון זיי, קעגן וועלכע זיי אליין זיינען אפשר
געווען אָנמעכטיק.

און ווען ס'האנדלט זיך וועגן פאָלקס־פאָליטיק, דארף מען

זיך ניט רעכענען מיט די אינסטינקטן פון די מאסן, נאָר מיט די לאָזונגען, וועלכע ס'שטעלן ארויס די מער באוואוסטזיניקערע עלעמענטן אין פאָלק, און מיט זייער ווילן אויסצופירן די לאָזונגען.

סימפטאָמאטיש איז דעריבער אין דעם פרט פאָלגנדיקע באגריסונג, וואָס ס'האָט געהאלטן אויפן 12-טן ציוניסטישן קאָנגרעס אין קארלסבאד א ספעציעלער דעלעגאט פון דער אוקראַינישער רעגירונג סלאווינסקי, וועלכער האָט צווישן אנדערע, געזאָגט פאָלגנדיקעס:

פון דער צייט פון אייער לעצטן קאָנגרעס, וואָס איז געווען אין ווין אין 1913-טן יאָר, זיינען פאָרגעקומען גרויסע וועלט-געשעהנישן. איינע פון די וויכטיגסטע געשעהענישן אין דעם פרט איז געווען די, וואָס דער אידישער פאָלק, וועמען די ציוויליזאציע האָט אזוי פיל צו דאנקען, איז געוואָרן א וויכטיקער פאקטאָר פון דער וועלט-פּאָליטיק. איך וויל ניט אדורכלאָזן די געלעגנהייט צו אונטער שטרייכן די גרויסע ראָלע, וואָס ס'האָט געשפּילט דער טייל פון אידישן פאָלק, וועלכער וואוינט אין אוקראינע, אין דער געשיכטע פון דעמדאָזיקן לאנד. דאָס קומט מיר אויס אָנמערקן מיט קריינקונק, ווייל אין די לעצטע יאָרן איז אויסגעקומען אידן איבעלעבן אומבאשרייבלאכע רדיפות פון פאדשיידענע זייטן. די ארויסטרעטונגען, א קרבן פון וועלכע די אוקראינער אידן זיינען געוואָרן, לייגן זיך ווי א שווערער שטיין, צוגלייך אויפן אוקראינישן פאָלק, ווי אויפן אידישן. מער פאר אלץ ווילן מיר, אז אין דעם לאנד זאָל וואָס גיכער אָנהויבן

צו הערשן דער שלום, כדי מען זאָל קענען פארהיילן די וואונדן, וואָס זיינען אין די לעצטע יאָרן פארשאפט געוואָרן אונזערע מיטבירגער."

מיר זעען קלאָר, אז די סיטואציע בנוגע אידן האָט זאך געביטן. די אוקראינער הויבן אָן צו פארשטיין אז פירן א קאמפף מיט אידן איז פאר זיי ניט גינסטיק.

קען מען דעריבער זיין זיכער, אז אין קאמפף פאר אונזערע נאציאָנאלע רעכט, סיי אין סיים, סיי אין לעבן, וועלן מיר האָבן אויף אונזער צד אויך דעם אוקראינישן פאָלק, מחמת דאָס ליגט אין זייערע אייגענע אינטערעסן.

פארטיידיגנדיק אונזערע נאציאָנאלע רעכט, וועלן זיי דער־מיט אויך גלייכצייטיק פארטיידיקן זייערע, ווייל אין פוילן גע־הערן מיר אידן, אוקראינער און אנד. צו די נאציאָנאלע מינ־דערהייטן.

מוזן זיך אלע מינדערהייטס־פעלקער אין פוילן בלאָקירן.

# די דייטשן.

מיר האָבן ביז איצט באטראכט די מינדערהייטס-פעלקער, וועלכע האָבן זייערע אייגענע טעריטאָריעס, וואו זיי שטעלן מיט זיך פאָר א רוב פון דער באפעלקערונג.

וועגן זיי האָט שוין דער פוילישער געדאנק געגעבן א תשובה: זיי דארפן באקומען טעריטאָריאל-נאציאָנאלע אויטאָנאָמיע. אויב מ'רעדט היינט נאָר וועגן דער אויטאָנאָמיע פון די געגנטן מיט א אוקראינישער מערהייט, וועט מען מאָרגן, איבערמאָרגן אָנהויבן צו ריידן וועגן געגנטן מיט אן אנדער מערהייט.

אָבער די טעריטאָריאל-נאציאָנאלע אויטאָנאָמיע קען ניט אלעמען באפרידיקן. עס זיינען פאראן צוויי מינדערהייטס-פעלקער, וועלכע האָבן ניט קיין איין טעריטאָריע, וואו זיי זאָלן מיט זיך פאָרשטעלן א מערהייט. דאָס זיינען דייטשן און אידן. בנוגע זיי קען בכלל ניט גערעדט ווערן וועגן, וועלכער עס איז טעריטאָריאלער אויטאָנאָמיע.

אויף אזא אופן איז נאָר דאָ איין וועג, דורך וועלכן עס קען באמת און אויפריכטיק רעגולירט ווערן די נאציאָנאלע פראגע אין פוילן: דאָס איז די פערסאָנאל-נאציאָנאלע אויטאָנאָמיע.

אין פוילן זיינען פאראן דריי־פיר מיליאָן דייטשן צוּוואָרפן אין פארשיידענע געגענטן.

דייטשן האָבן פון שטענדיק אָן געגרענעצט זיך מיט די פּאָליאקן; פלעגן די דייטשן אריינדרינגען קיין פוילן אויפן פיינד־לאכן אָדער פריינדלאכן אופן. די געשיכטע פון פוילן שטעלט מיט זיך פאָר אן אומאויפהערלאכן קאמף מיט די דייטשן. כמעט 150 יאָר איז פויזנער קאנט געווען א טייל פון דער דייטשער מלוכה, און 600 יאר האָט די אמאָליקע פוילישע געגנט, אויבער־שלעזיע, געהערט צו דייטשלאנד.

איז ניט קיין חידוש, אז אין דער ניי־געשאפענער פוילישער מלוכה געפינען זיך א סך דייטשן.

די דייטשן זיינען אריינגעדרונגען קיין פוילן, ווי מיר האָבן פריער געזאָגט, אויך אויפן פרידלאכן אופן—זיי האָבן קאָלאָניזירט פוילן, מיטן הסכם און מיט דער מיטווירקונג פון דער פוילישער רעגירונג.

באזונדערס שטארק איז געווען די קאָלאָניזאציע פון פוילן דורך די דייטשן אין 13־14 יאָרהונדערט, אלע פוילישע שטעט זיינען ביסלאכווייז געוואָרן באזעצט דורך דייטשן.

די פוילישע שטעט האָבן צוליב דעם באקומען די רעכט פון דייטשע שטעט, די אזוי גערופענע מאגדעבורגער רעכט; די אָפיציעלע שפראך פון די שטאָט־פארוואלטונגען איז געווען א לאנגע צייט אין פוילן די דייטשע. די נעמען פון בעלי־מלאכה'שע געווערק־צייג שטאמען פון דער דייטשער שפראך. 15% ווערטער פון פוילישן לעקסיקאָן שטאמען פון דייטשן. אזעלכע זאכן לאָזן זיך ניט ארויסמעקן דורך אימיצינס ווילן.

נאָך אין 19=טן יאָרהונדערט האָט זיך א גאנצע געגנט קאָלאָניזירט דורך די דייטשן; דאָס איז דער לאָדזער אינדוסטרי=עלער ראיאָן, מיט וועלכן עס שטאָלצירט די פוילישע אינדוסטריע. זיינען דייטשן ניט קיין צופעליקער עלעמענט אין פוילן און אלס אזעלכער מוז מען זיך מיט זיי רעכענען.

אויסראָטן קען מען זיי ניט, אסימילירן אויך ניט, וועס מען מוזן דורכקומען.

אין די אינטערעסן פון דער פוילישער מלוכה איז מאכן פון די דייטשן ניט א פיינדלאכן נאר א פריינדלאך=געשטימטן פאָלק, און דאָס וועט מען קענען דערגרייכן דערמיט, יואָס מ'וועט ניט שטערן זיי בלייבן בירגער פון פוילישער מלוכה, נאָר פון דייטשער נאציאָנאליטעט, ד. ה. מען וועט זיי מוזן געבן פערסאָנאל=נאציאָנאלע אויטאָנאָמיע

דייטשן קלערן שוין וועגן דעם און קלערן ערנסט. זיי זיינען די ערשטע מינדערהייטס=פאָלק, וועלכע אָרגאניזירט זיך, כדי צו פארטיידיקן זייערע נאציאָנאלע רעכט.

אין סעפטעמבער פ. י. איז אָרגאניזירט געוואָרן א צוזאמענפאָר פון פאָרשטייערס פון אלע דייטשע בירגער אין פוילן. עס זיינען אויפן צוזאמענפאָר בייגעוועון 3000 דע=לעגאטן פון אלע טיילן פון פוילן.

די צוויי הויפטרעזאָליוציעס, וועלכע זיינען אָנגענומען געוואָרן אויפן צוזאמענפאָר און וועלכע מיר ברייננען דאָ, ווייזן די שטעלונג פון די דייטשן אין דער מינדערהייטס=פראגע.

## ערשטע רעזאָלוציע

די 3000 פאַרשטייערס פון דייטשטום פון אלע טיילן פון פוילן, וועלכע געפינען זיך דאָ היינט, דריקן אויס זייער אומצופרידענהייט דערמיט, וואָס זינט דעם אנטשטיין פון אונזער מלוכה ווערן די בירגער פון דייטשער אָפּשטאַמונג סיסטעמאַטיש באַרויבט אין זייערע רעכט און פאַרשטויסן. די געגן אונז געפירטע פּאָליטיק האָט זיך מיט איינצלהאַנדלונגען, פאַראָרדענונגען און געזעצן געשטעלט אין שאַרפסטן קעגנזאַץ צו די פונדאַמענטאַלע גרונד געזעצן און גאַראַנטיעס פון מינדערהייטס־שוץ, וועלכע איז אזוי פייערלאַך און ניט אין א צווייידייטיקער פאָרם פּראָקלאַמירט געוואָרן אין מינדערהייטס־אָפּמאַך. דאָס איז א אָפענער קעגנזאַץ צו די התחיבותן, וועלכע אונזער רעגירונג האָט גענומען אויף זיך א דאנק דעם שלום־און מינדערהייטס־שוץ אָפּמאַך.

דאָס שטייט אין גלייכער מאָס אין א היפוך צו די פאַרזיכערונגען, וועלכע עס האָט אונז געגעבן, אין פאָרם פון א רעגירונגס־אקט, די אויבערשטע אָנפירונג פון מלוכה־אָרגאַן און באַזונדער דעם אויפרוף פון קאָמיסאַריאַט פון פוילישן סיים פון 30. 6. 1921 יאָר.

און לסוף שטייט דאָס אין שאַרפסטער סתירה צו די באַשטימונגען פון אונזער רעגירונגס־קאָנסטיטוציע, וועלכע פאַרזיכערט אירע בירגער אָן אונטערשייד פון אָפּשטאַמונג און שפּראַך דעם פּולן שוץ פון לעבן, פרייהייט און אייגנטום און גאַראַנטירט זיי באַזונדערע מינדערהייטס־שוץ.

מיר ערוואַרטן, אַז די אָנפירער־ס פון דער פעלקער־ליגע, וועלכע זיינען געבליבן שטום צו אונזערע, א סך מאָל ארויס־געזאָגטע פאָדערונגען, וועלן לסוף מאַכן אויפמערקזאַם דער רע־גירונג און דעם פעלקער־בונד אויף אונזער אומדערטרעגלאַכער לאגע, און וועלן פאָדערן צוריקשטעלן אַזא אָרדנונג, וועלכע זאָל זיך צופּאַסן צו די געשריבענע יסודות פון מענטשלאַכקייט.

## די צווייטע רעזאָלוציע.

צו אונזערע מיטבירגער פון פוילישער נאציאָנאליטעט!

דער צוזאַמענפאָר פון די דייטשן אין לאָדז, וועלכער קומט פאָר אין א צייט פון דער שווערסטער ווירטשאַפטלאַכער נויט פון דער פוילישער רעפּובליק, דערקלערט, אַז ער מאַכט אחריות־דיק דער דעמיסיאָנירטער רעגירונג פון וויטאָסן פאַר דער קאַ־טאַסטראָפאַלער ווירטשאַפט פון פוילן.

אנשטאָט דעם, וואָס די הויפּט־ארבעט פון דער רעגירונג האָט געדאַרפט זיין צו אָנווענדן אלע קרעפטן אויפן געזונטמאַכן אונזער ווירטשאַפט, האָבן אלע פריערדיקע רעגירונגען זייער פאַרנאַכלעסיקט די ווירטשאַפטלאַכע פראַגן און געטריבן א שאָ־וויניסטישע פּאָליטיק, שטרעבענדיק צו פאַרוואַנדלען די פון פאַר־שיידענע נאַציעס צוזאַמענגעשטעלטע מלוכה, אין א נאַציאָנאלע מלוכה. כדי דאָס צו דערגרייכן, האָט זי זיך ניט אָפּגעשטעלט אפילו פאַרן צושטערן ווירטשאַפטלאַכע ווערטן. אלס משל קענען דינען די געוועזענע פּרייסישע געביטן.

אַזא פּאָליטיק, פאַרבונדן מיט א אומבאַגרענצטן ווירט־שאַפטלאַכן דילעטאַנטיזם, האָט אונטערגראָבן דעם צוטרוי צו דער

רעגירונג פון אויסלאנד און איר געבראכט צו א מדרגה פון א ווירטשאפטלאכע קאטאסטראָפע.

פון דער דאָזיקער שרעקלאכער נויט פון אונזער מלוכה קען נאָר ראטעווען אזא רעגירונג, וועלכע וועט זיך אָפזאָגן פון דער שאָוויניסטישער פאָליטיק פון די פריערדיקע רעגירונגען, און איר גאנצע קראפט ווידמען דעם ווירטשאפטלאכן אויפבוי און געווינען דעם צוטרוי פון אויסלאנד, כדי צוריקשטעלן דעם מאָראלישן און פינאנסיעלן קרעדיט פון דער מלוכה.

דער גליק, ווי אויך דער אומגליק פון דער גאנצער באפעלקערונג פון אלע נאציאָנאליטעטן איז אָפהייגיק דערפון, אז ס'זאָל זיך בילדן אזא רעגירונג, וועלכע זאָל צורייסן איר בונד מיט דער פארגאנגענהייט, האָבנדיק אין זינען בלויז די מלוכה-אינטערעסן און דערביי זיך ריכטן נאָר לויט ווירטשאפטלאכע און סאָציאלע טענדענצן.

דעריבער ווענדן מיר זיך מיט א אויפרוף צו אלע אונזערע מיטבירגער פון פוילישער שפראך, וועלכע זיינען מיט אונז געוויס איינשטימיק, אָנצווענדן די גאנצע השפעה, אז עס זאל זיך בילדן אזא רעגירונג, וועלכע זאָל זיך ריכטן נאָר לויט די ארויסגעזאָגטע גרונדזאצן.

---

# א י ד ן.

פון דעם אלעמען, וואָס איז געזאָגט געוואָרן אין די פריי־עדיקע קאפיטלאך, איז שוין קלאָר אונזער שטעלונג צו דער לאגע פון אידן אין פוילן.

מיר דארפן זיך איינמאָל פאר אלע מאָל זאָגן, אז מיר שטייען מיטביידע פיס אויפן פוילישן באָדן, אז מיר זיינען א רעכטלאכער טייל פון דער פוילישער מלוכה, ווי אלע אנדערע, וואָס באוואוינען איר. צי דאָס געפעלט אימיצן, צי דאָס געפעלט ניט, דארף אונז זיין אלץ איינס.

די פאָליאקן זיינען ניט מסכים מיט אונזער נאציאָנאלער גלייכבארעכטיקונג, זיי האלטן אונז פאר פרעמדע, פאר איינגע־וואנדערטע.

איך ווייס ניט, וויפל יאָר מ'דארף דורכלעבן אין א לאנד, כדי צו רעכענען זיך פאר אירע בירגער. אין די פאראייניקטע שטאטן, למשל, איז גענוג אָפצוואוינען 5 יאָר, כדי צו באקומען בירגערלאכע רעכט. און מיר וואוינען שוין אין פוילן ניט ווייניקער, ווי טויזנט יאָר; אין דער היסטאָרישער ליטע וואוינען מיר פריער פאר די פאָליאקן: אין ליטווישע שטעט זיינען דאָ בית־עלמנ'ס, וועלכע זיינען אלט העכער 800 יאָר. הייסט עס, אז מיר האָבן געוואוינט אין דער היסטאָרישער ליטע, נאָך איידער די פאָליאקן האָבן זיך פאראייניקט מיט דער ליטווישער מלוכה.

נאָר די אלע טענות וואָלטן אונז ווייניק געהאָלפן, ווען אונזערע רעכט וואָלטן געווען אינגאנצן אָפהייניגיק פון די פאָ־ליאקן. פון די גרופן אין פוילישן פאָלק, וועלכע באציען זיך

ביידלאך צו אידן. ס'זיינען אָבער פאראן יין דער איצטיקער צייט באקאַנטע, וועגן וועלכע מיר האָבן פריער גערעדט און וועלכע וועלן ברייננגען דערצו, אז פוילן וועט ווערן א לאנד, וואו עס וועט מעגלאך זיין א פולשטענדיק-פרייע, אנטוויקלונג פון די מינדערהייטס-נאציאָנאליטעטן.

פארשטייט זיך, אז ניט מיט א מאָל וועט מען עס דערגרייכן, ווייל די פוילישע מלוכה האלט זיך איצט אין אויפבויען; דאָס לעבן אין פוילן האלט זיך נאָך אין שאפן און ברויזן, און ביי יעדער ברויזן, קומען פאָר פארשיידענע, ניט קיין געוואונשענע. מאָמענטן די אלטע פאראורטיילן שטארבן ניט אָפּ מיט א מאָל, אזוי ווי עס שטארבט ניט אָפּ מיט אמאָל די אלטע אָרדענונג; די נייע געזעלשאפטלאכע פאָרמען מיט די נייע באגריפן גייען אויך ניט ארייַן מיט אמאָל אין לעבן, און מיר דארפן זיין א לעבעדיקער אקטיווער טייל פון די עלעמענטן אין דער פוילישער מלוכה, וועלכע קעמפן פאר די נייע פאָרמען פון לעבן. אָן קאמף קען מען קיין שום רעכט ניט באקומען. ווילן מיר זיי באקומען, דארפן מיר זיי אויסקעמפן. מיר טאָרן זיך ניט לאָזן אָפּנעמען דאָס, וואס קומט אונז אלס מענשן, וואָס קומט אונז אלס בירגער פון לאנד.

פארשטייט זיך, אז פאר אונז אליין איז דער קאמף צו שווער: מיר שטעלן מיט זיך פאָר א מינדערהייט פון 12-13 פראָצענט, ווען מיר ניט קענען ווי געהעריק פארטיידיקן אונזער רעכט.

א פעסטער בלאָק פון די מינדערהייטס-פעלקער איז דער זיכערסטער מיטל צו פארטיידיקן אונזערע נאציאָנאלע רעכט.

ס'איז ניט דאָ אויף דער וועלט קיינע געזעצן, טיי מ...

לאכע, סיי געטלאכע, לויט וועלכע דאָס רעכט אויף א גאציאָנאלן לעבן האָבן נאָר געציילטע פעלקער—די אזוי גערופענע הערשנדיקע פעלקער, און לויט וועלכע די איבעריקע פעלקער דארפן זיין ניט מער, ווי א מאטעריאל צו אסימילירן זיך און צו איינגעשלונגען ווערן דורך די „פריוויליגירטע" פעלקער.

דאָס וועלן דורכאויס אסימילירן אנדערע פעלקער איז ניט גאָר א אומרעכט, נאָר אויך א אומזין. די געשיכטע איז א גוטער באווייז: ניט קוקנדיק אויף אלע אונטערדריקונגען, זיינען איצט אויפגעשטאנען תחית-המתים א סך פעלקער, וועגן וועלכע מ'האָט שוין געקענט מיינען, אז זיי זיינען שוין לאנג פאראורטיילט אויף אונטערגיין.

אָט לעבן די ליטווינער, די לעטן, די וייס-רוסן אוקראי-נער א. א. וו.

ווער רעדט פון אונז אידן. א פאָלק וואָס האָט שוין אזוי פיל רדיפות איבערגעלעבט, אזוי פיל מעכטיקע הערשנדיקע פעלקער געהאט אויף זיך און דאָך לעבן געבליבן...

יע, מ'קען פריצייטיק אומברייגנען פון דער וועלט טויזנטער, צענדליקער טויזנטעד אידן!... יע, מ'קען פאראומערן דאָס לעבן צענדליקער און אפשר הונדערטער טויזנטער אידן, נאָר דאָס גאנצע פארניכטן איז אוממעגלאך!...

צי מ'וועט וועלן, צי מ'וועט ניט וועלן, וועט מען מוזן איטלאכס פאָלק לאָזן פריי, אומגעשטערט זיך אנטוויקלען. איין תנאי דארף געשטעלט ווערן, אז אלע שטענדיקע איינוואוינער פון פוילן

מוזן זיין טרייע בירגער פון דער פוילישער מלוכה, פון דער מדינה, וואָס מיר רעכענען פאַר אונזער פאָטערלאַנד.

אויב מיר האָבן א מאָל מיט אַ פּאָר טויזנט יאָר צוריק געהאַט אַ אנדער פאָטערלאַנד, זיינען מיר אין דעם פרט קיין אויסנאַם. אַלע פעלקער פון איירָאפּע האָבן אויסגעוואַנדערט אַ מאָל פון אַזיע.

אין די אַלע קאַנטן, וואָס מ׳רופט היסטאָרישע פוילן, האָבען זיך פון גאַנצן וואַנדערונג־מישמאַש, פון די אַלע איינוואנדערונגען און אויסוואַנדערונגען פון מענטשן אָפּגעזעצט און אויסגעקריסטאַליזירט עטלאכע ס׳צִיאַל־פסיכאָלאָגישע טיפּן, וואָס ווערן אָנגערופען פעלקער. מיט די אַלע פעלקער לעבן מיר אין איינגע שכנות שוין א סך הונדערטער יאָרן און ניט נאָר מיט די פּאָליאַקן.

און א גוט שכנותדיק לעבן וועלן מיר קענען פירן נאָר דאַמאָלס, ווען מיר וועלן קיינעם פון זיי נישט באַרירן, אנדערש געזאָגט, ווען מיר וועלן בלייבן ביי אונזער נאַציאָנאַלער אייגנאַרטיקייט, ניט לאָזנדיק זיך אַסימילירן דורך קיין איינציקס פון זיי פון דעם דרינגט ארויס א גאַנץ קלאָרע פּאָליטישע ליניע.

מיר שאַפן אונזער נאַציאָנאַל־קולטורעלן לעבן אויף אונזער אייגענעם שניט, אין פאָרם און אין תוך.

ס׳האַנדלט זיך, הייסט עס, וועגן שאַפן אַ זעלכע פּאָליטישע באַדינגונגען אין אונזער לאַנד, ביי וועלכע ס׳זאָל זיין פאַר אונז מעגלאך אַזאַ לעבן צו אנטוויקלען.

אין פאַרלאַג „ד י צ יי ט" דערשיינט בקרוב

פון זעלבן מחבר

## דאָס לעבן פון אַ יידישן אינטעליגענט

